א. לוצקי

# נעמט עס!
# ס'איז גוט פאַר אייך!

## פיר ביכער אין איין באַנד

1) לעבעדיג און פריילאך.
2) געזאַנגען און טענץ.
3) אַביסעלע אומעדיג.
4) אַלע צוזאַמען.

פאַרלאַג „אַבאָנענטן“
ניו-יאָרק, 1927.

# די לידער לויטן א. ב.:

א.



ב.

## גרעסערע אימפּראָוויזאַציעס:

**אַ חתונה:** 26 לידער, פון 259 ביז 294.

**אין אַ מוזיק־סטאָר:** 15 לידער, פון 333 ביז 368.

**ביים רבינס טיש:** 30 לידער, פון 295 ביז 332.

**געלט:** 15 לידער, פון 107 ביז 124.

**די קאַפּעליע:** 10 לידער, פון 229 ביז 257.

**טעפּ:** 6 לידער, פון 91 ביז 106.

---

אין דעם באַנד זיינען די אויסגעקליבענע לידער און אימפּראָוויזאַציעס פון 1919 ביז 1927.
די לידער, ווי די אימפּראָוויזאַציעס, זיינען פיל געענדערט.

אָלגין
ב. בוכוואַלד
ב. י. ביאַליסטאָצקי
בעל־מחשבות
ב. צ. גאָלדבערג
ב. גראָבאַרד
משה גראָס
א. ח. העללער
נ. וויינינ
מאָרים ווינטשעווסקי
פּראָפ. ג. זעליקאָוויץ
דער לעבעדיגער
דר. א. מוקדוני
ש. ניגער
ס—ם
אהרן קאַרלין
הלל ראָגאָף
ב. ריווקין
אַברהם רייזען

## אַלגין

„פרייהייט“, אויגוסט, 1923.
ניו־יאָרק.

שוין צייט זיך אומצוקוקן אויף לוצקי׳ן. צווישן די „אינגסטע“ איז ער אַ חידוש, צווישן דער גאַנצער כאַפּטע, קען מען אים דערקאַנען אין איין כהרף עין.

לוצקי איז מוזיק. וואָס ער זאָל ניט שרייבן — זינגען זינגט עס. נייין, עס טאַנצט. נייין, עס פלאַטערט מיט אַ ריטמישן פליגל־שוואונג. זיינע לידלאַך האָבן רעגנבויגנפעדערדיקע פליגעלאַך, וואָס קלינגען אין דער לופט מיט אַ קונדס׳עוואַטן לייכטזין. ווי זיי זאָלן זיך ניט צעקאַפּריזן, די לידלאַך זיינע, קלינגען מוזן זיי, טאַנצן מוזן זיי, ווירבלען מוזן זיי.

אָט איז אַ ביישפּיל. פרעגט דערווייל ניט אויף אינהאַלט, ווילט ניט וויסן „מאי קא משמע לן“, הערט דעם ציטער־קלאַנג פון „ציטער־צייט“. (זע „ציטערצייט“, 155).

אָט איז אַן אַנדער ביישפּיל. דער געזעצטער לעזער וועט דאָ שוין געפינען אַ „געזעצלאַכן“ אינהאַלט פאַר זייז אומ־שטערבלאַכן פאַרשטאַנד, אָבער זאָל ער בעסער וואָס ווייניקער פאַרשטיין און זאָל ער בעסער זיך איינהערן ווי ס׳פאָרט אַ שטאָט־באַן. (זע „באַנען“, 159).

לוצקי איז איינער פון די ווייניגע, וואָס קאָנען זיך שפּילן מיט זייער שפּראַך, ווי קינדער שפּילן זיך מיט זייפן־בלאָזן אויף דער זון אָדער ווי גרויסע וואָלטן זיך געקאָנט שפּילן מיט בורשטין, קאָראַל און עדעלשטיינער, ווען זיי האָבן פולע זשמע־ניעס. לוצקי האָט אַ מעסטל, אַ גאַנצן קערץ.

ס׳ווילט זיך מיר נאָך ציטירן אַ פּאָר סטראָפן פונם „וואַלץ", איידער מיר גייען ווייטער. דאָס איז אַ ביישפּיל פון קאָנ־סערוואַטיוו־געבונדענער, אָבער דאָך לייכטער און שפּילעוודיקער מוזיק. (זע „אַ וואַלץ", 188).

לוצקי איז אַ מאָלער. איין פאָדערונג פון מאָלעריי איז ריטם. דאָס האָט ער. אַן אַנדער פאָדערונג איז פאַרב. פאַר־מאָגט ער געגנוג פאַרב. אַ דריטע פאָדערונג איז פאָרם. פעלט עס אים אויך ניט. (זע „אַ זון מיט אַ רעגן", 171).

ווען לוצקי פאַרבינדט זיין טאַנץ־ריטם מיט מאָלערישער בילדלאַכקייט, ווערט גאָר יום־טובדיק אויפן האַרצן. אָט איז אַ שטיקל פון זיינע מחיהדיקע „וואַסערן", וואָס פליצן איבער דער וועלט. (זע „וואַסערן", 177).

וואַסער, ווינט, באַנען, רעגן, פייער, טאַנץ, קלעזמער, זון־שיין — אַלצדינג וואָס וויגט זיך רירט זיך, צינדט זיך, איילט, רוישט, פליט, פלאַמט, קלינגט, — איז ביי לוצקי׳ן מאַטעריאַל, איז אַריינגעפלאָכטן אין זיינע שנירלאַך פּאַטשערקעס, איז אויסגעלייגט אין זיינע צעהוליעטע אוזאָרן.

נאָר מיר פילן שוין די אומגעדולדיקע פראַגע פון העכסט־חשוב׳ע און ערנסט־מיושב׳דיקע לעזער: „וואָס טויגן אונז די

אוזארן מיט די פּאַטשערקעס מיט די ציטער־פּליטערלאַך? וואָס עפּעס מכח׳ן תוך? וואָס האָט אונז אייער לוצקי צו זאָגן?"

מיר זיינען זיך מודה, אַז ווען לוצקי וואָלט מער ניט גע־בראַכט אויף דער וועלט, נאָר אַ שפּילעריי פון טענער, אַ גע־יאָגעריי פון קאָלירן, אַ געטאַנצעריי פון בילדער, אַ ווירבל־ווינט פון זאַכן, וואָלט מיר אויך געזאָגט דיינו. אַבי דאָס, וואָס איינער ברענגט, איז עכטס און אייגנס. אָבער שוין פון די עטלאַכע ציטירטע „וואָלץ"־סטראָפן האָט מען געקענט זען, אַז לוצקי איז כלל ניט דער לייכזיניגער יונג, וואָס שפּילט זיך מיט צאַצקעס און וויל מער ניט וויסן.

וואָס איז לוצקי? האַלב קינד — האַלב ווילדער, וואָס לעבט אויף דער צווייטער עוועניו אין ניו יאָרק צווישן ציוויליזירטע מענטשן; פון אַ קינד האָט ער דעם אינטערעס צו זאַכן, די אינ־סטינקטיווע נייגיר, וואָס ווייסט ניט פון וויכטיק און אומוויכטיק. פון דעם ווילדן האָט ער די נאָענטקייט צו דער נאַטור, אַ נאָענט־קייט וואָס מאַכט דעם מענטשן פאַר אַ גלייכבאַרעכטיקטן שותף מיט בוים און שטיין, ערד און ים, ווינט, פויגל און חיה, פון דעם ציוויליזירטן מענטשן האָט ער די גרעניצן, וואָס ווערן געשטעלט פאַר יעדן וואונטש, יעדן שוואונג, יעדער לײדנשאַפט, און וואָס מוזן ניט ווילנדיק אַרויסרופן דעם געדאַנק וועגן דער ציל אַ זיקייט פון אַלצדינג, דער זינלאָזי־קייט פון גאַנצן וועלט־שפּיל און דעם סוף פון יעדער זאַך.

ווי אַ קינד איז לוצקי אָפּטמאָל זאָרגלאָז, לייכט, פרייליך, אַנטציקט פון לעבן. די לידער „איך און אַ רעגן", „נאָך אַ רעגן".

„וואסערן" און פילע אנדערע נאטור־באשרייבונגען זיינען פול מיט לויטערער קינדערשקייט. נעמט און לייענט זיי פאר קינדער וועט איר זען, וואס פאר אן אפרוף זיי וועלן געפינען. קליינע חברה וועלן זיי, מסתמא, אויסלערנען אויף אויסווייניק, ווייל זיי וועלן דערפילן אן אייגענעם מענטשן וואס דאס איז זעלטן אפילו צווישן דיכטער וואס שרייבן עקסטרא פאר יונגווארג.

ווי א ווילדער, איז לוצקי אי איינס מיט דעם גאנצן אוניווערזום, אי דערשראקן פאר די סודות פון דער נאטור, וואס לויערן אויפן מענטשן פון אלע זייטן. דער נאטור־מענטש איז דאך פול מיט אנונגען, בענקשאפט, פחד, בלינדן פרעגן, אומרואיקן ווארטן. נעמט אזא פרימיטיוו און שטעלט אים אוועק ניט אפילו פאר א וואלד, א בארג, א טאל, נאר אינמיטן א היינטיגער וועלט־שטאט: וואס וועט זיך באקומען? (זע „פארנאכט", 217).

דאס שפענדל איז א גלייכער חשוב מיטן הימל־קראצער, די גראזן מיט די שילדן. פארוואס דען ניט? אין דער וועלט איז ניטא קיין אנהויב און קיין סוף, קיין דא און קיין דארטן, אלץ איז איינס, אלצדינג איז באהעפט און כאאטיש, פערזענלאך און אלגעמיין, נאענט און ווייט, צוגעטוליעט און איינזאם.

„רוען?
ניטא ביי וואס צו רוען.
בלייבן?
ניטא ביי וואס צו בלייבן.
אומעטום איז דא,
יעדער דא איז דארט,
יעדער דארט איז ווייטער". („וואסערן").

איבער דעם אַלעם שוועבט די גרויסע פֿאַנטעאיסטישע מרה־שחורה, הערט זיך דער האַרץ־קלאַפּ פֿון אַ גאַנצער וועלט, וואָס זוכט אַ תיקון. (זע „דער ים בּיינקט“, 70).

טוט מען אַ קוק צו די איינצעלנע מענטשעלאַך אין דער שטאָט, ווילט זיך אי לאַכן, אי וויינען, אי חוזק־מאַכן, אָבער פֿון צווישן דעם מיש־מאַש פֿון קליינינקייטן הערן זיך דאָך די אומדערבאַרמדיקע טריט פֿון ע ט ו ו אָ ס, וואָס איז שטאַרקער פֿאַר אַלע („אין דער וועלט פֿון אַרכיוון“). נאָך גלאַנצט, ווי געשליפֿענע דימענטן, די קינדערשע טרער אויף אַ באַק. אָבער שוין טוט אַן ערנסטער, זייער ערנסטער, זייער טיפֿער געדאַנק אַ בליץ־אויף: (זע „אין די ווינקלען“, 129).

פֿון דעם קינד איז אַ מאַן געוואָרן, דער ווילדער מענטש האָט זיך דערטראַכט צו אַ פֿילאָזאָפֿיש פּינקטלאַכער גענעראַליזירונג. אונטער דעם אַלעם וויגט זיך דער אייביגער כאָאָס...

---

# ב. בוכוואַלד

„פֿרייהייט“, 1926

ניו־יאָרק.

א. לוצקי איז זייער אינטערעסאַנט אין זיינע אימפּראָוויזאַציעס, ווייל ער איז אָריגינעל און שעפֿעריש.

---

## ב. בוכוואַלד

„פרייהייט“, 1927
ניו־יאָרק.

עס ווילט זיך אונז גלויבן, אַז די מערסטע לייענער פון דער „פרייהייט“ וועלן אויפכאַפּן דעם אָריגינעלן קאַפּריזנע־פּאָעטישן, פּאָעטיש־הומאָריסטישן שימער און פלאַטער פון די שורות. (זע „אַ פּאַפּיר וויל באַגיין זעלבסטמאָרד“, 50).

## ב. י. ביאַליסטאָצקי

„ביום פּיוער“, 1921
פילאַדעלפיא.

(וועגן א. לוצקי׳ס לידער אין „שריפטן“, ווינטער־פרילינג, 1920).

א. לוצקי ווייזט אַרויס אין זיין ליריק אַן אָריגינעלן הומאָר־טאָן, אַ מין פּאָעטישע קרום־שפּיגלדיקייט.

ווען אַט דער טאָן זיינער וועט ווערן רייפער, וואָגיקער און צונויפגעבונדענער מיט דער לירישקייט וואָס אין אים — וועט א. לוצקי זיין ביי אונז אַן אינטערעסאַנטע דערשיינונג.

## בעל־מחשבות

אין אַ בריוו פון בערלין צום פּרץ פּאַריין, געדרוקט אין די אידישע צייטונגען, 1921, ניו יאָרק.

אַ גרוס דעם נייעם וואונדערבאַרן פּאָעט א. לוצקי.

---

## ב. צ. גאָלדבערג

„טאָג“, 1924.
ניו־יאָרק.

א. לוצקי׳ס „קאַפּעליע“ איז אַ לענגערע פּאָעמע. עס איז אַ נייער, אייגנאַרטיקער זשאַנר. עס איז אַ מין פּאָעטיש־פּסיכאָלאָגישע אויפפאַסונג פון דער נשמה פון יעדן אינסטרומענט אין אַ כלי־זמר־קאַפּעליע. אַ געמיש פון איינדרוק פון געהער, פון פּאָעטישער שטימונג און לעבנס־פילאָזאָפיע. עס איז קאָמפּאַקט.

מיר דוכט אַז אין די „אימפּראָוויזאַציעס“ האָט זיך לוצקי געפינען. אויף דעם וועג דאַרף ער גיין און האָבן געדולד. און ווען עס ווערט פאַרגעטראָגן פון א. לוצקי׳ן אליין, איז יעדע שורה אַ בילד אָדער אַ געדאַנק.

---

## ב. גראָבאַרד

„פרייע ארבעטער שטימע“, יאַנואַר, 1923.
ניו־יאָרק.

לוצקי׳ס לידער האָבן די פרישקייט פון אויפפאַסונג און ספּאָנטאַנקייט פון אויסדרוק. לוצקי׳ס לידער האָבן טיפקייט און וואַרימע סימפּאַטיע. זיי האָבן אין זיך ריינע פרייד, אַ כמעט קאָסמישע ליבע, וואָס מען געפינט בלויז אין זאַכן וואָס זיינען גרויס און ווילד אין דער ווירקליכקייט. דאָך געהערט ער ניט צו די סנהדרין פון די קלוגע וועלט־דערלייזנדע פּאָעטישע חכמים. ער געהערט אויך ניט צו די רעטער פון דער אידישער דיכטונג אין אמעריקאַ. גיכער איז ער אַ שולע פאַר זיך מיט אַן אייגענער טעכניק. אייגענע מעלות און אייגענע חסרונות. יעדנפאַלס איז ער אַ נייע דערשיינונג אין אונזער אידישער פּאָעזיע אין אַמעריקאַ.

לוצקי איז דער אינטערעסאַנטסטער, דער מאָדרנסטער דיכטער אין אַמעריקאַ, סיי אין פאָרמע און סיי אין אינהאַלט. ביי לוצקי׳ן איז אַ רעגן אַ פרייליך ריטמישער זינגענדער פענאָמען. ביי אים איז יעדע נאַטור־דערשיינונג אַ געזאַנג. און אַן אויסדרוק פון דעם לעבן פון דער נאַטור. און ער גיט יעדע דערשיינונג איר נאַטירלאַכן ריטם. מען קאָן זיינע לידער זינגען צום טאַקט. זיי זיינען בילדער אין מוזיקאַלישע קלאַנגען. זיינע לידער זיינען קינאַמאַטאָגראַפיש, שנעל־לויפנד, און פאָרמע מיט

אינהאַלט גיסן זיך אַלע מאָל צענויף אין איין האַרמאָנישער ריטמישער באַוועגונג. אויך איז לוצקי ניי מיט זיין הומאָר — אַ מין בורלעסקישער הומאָר וואָס גרענעצט זיך אָפּט מיט קאַריקאַטור.

לוצקי זעט אַלץ אין קאַריקאַטור. לוצקי זעט זאַכן מיט דער ריינער אומשולד פון אַ קינד. ניט מיטן אינטעלעקט און ניט מיט די חושים, נאָר ער דערשפּירט זיי. ער זעט ווי אַ קינד דערזעט זיין מוטער, זיין ניאַנקע, זיין שפּילצייג. לוצקי׳ס אַלע גראַטעסקע וויזיאָנען, ווי דער ווינט, הייזער, וועש, דער זייגער, אַרימע פּאַרוואָגלטע שטיקלאַך פּאַפּיר, ווי טראַגיש זייער מצב זאָל ניט זיין, סטימולירן אים ניט צו טרערן און באַדויערן, נאָר צו פרייד. קלינגנדער פרייד מיטן דערזען זאַכן, אָפּט היסטערישן לאַכן פון זייטיקן מענטש, וואָס זעט טראַגעדיעס וואָס זיינען בלויז טראַגיש אין אַ געוויסן ליכט, אין אַ באַ־שטימטער סיטואַציע, אָבער ווערן קאָמיש אָדער בורלעסקיש, ווען באַשטראַלט מיט אַ געוויסער פאַנטאַסטישער ליכט. און דערפאַר לאַכט לוצקי פון טראַגעדיעס. עס אַמוזירט אים ניט אינטעלעקטואַל. ער ווערט ניט קליגער אָדער ווייכער פון די פאַרשיידענע פאַלן און צופאַלן. ער ווערט בלויז פריילאַך איבעראַשט און לאַכט.

בלויז אַ קינד, פאַר וועמען אַלע זאַכן לעבן און האָבן נשמות, קאָן אַזוי זינגען; בלויז אַ קינד וואָס זעט מיט אַלע חושים, און מיט מער ווי דאָס, און פילט, און האָט סימפּאַטיע מיט אַלץ, קאָן זען אַזאַ בילד. (זע „פּאַרנאַכט“, 217).

אין אזא ליד איז דא צער און אומעט, ווי און א שטילער, סובטילער טרויער און א פירוש, ווייל עס איז דערהויבן צו שיינקייט; עס איז קינסטלערישעס זען. ניט וויינען און ניט לאכן — נאר מאלן. און דאך איז דא א פריידיגער פאנטאזיס־טישער שמייכל; א שמייכל מיט געזעלשאפטלאכקייט; א שמייכל פון מיט וואס האלסטו זיך גרוים מענטש? וואס בלאזטו אזוי מיט דיין אומעט און טשעפעסט צו צו דעם א וועלט־אנשויאונג מיט א פעסעמיסטישע פילאזאפיע, מיט בערג ארגומענטאציעס. ס׳איז א נאטירלאכע זאך און ס׳איז גוט אזוי.

אדער נעמט אן אנדער ליד, וואס איז אויך א מין אויס־גוס און דאך פארלירט זיך דער טרויער אין די ווערטער און אין דעם שפיל, ווייל זיי קריגן א דערלייזונג אין שיינקייט. לוצקי שפילט זיך מיט אלץ און באשאפט שיינקייט, עסטעטישע שפילעריי. (זע „אין די ווינקלען“, 128).

אין דער פיינקייט פון די ווערטער, אין דער סובטאליטעט פון די פראזן ליגט דער געזאנג און חן.

ווען מען האט הומאר, אזא געזונטן הומאר ווי לוצקי האט, קאן מען אין א פאר סובטילע, עלעגאנטע פערזן אויסדריקן א וועלט פילאזאפיע אן סימבאלן און אן באמבאסטישע פראזנ־מאכעריי, נאר מיט א געזונטן קינסטלערישן חוש און אביסל געלעכטער. מיט א קליין ביסל פרייד.

לוצקי׳ס אלע לידער זיינען אזוי גלוסטיק און פריידיק, ווייל זיי זיינען אזוי האפנונגסלאז טראגיש אין עצם. ווען

ליידן דערגרייכן זייער לעצטע שטופע, ווען מען קאָן שוין מער ניט וויינען, הויבט מען אָן צו לאַכן. לוצקי האָט דערשפּירט דעם פּולס פון אונזער צייט אויף די שלאַכטפעלדער פון פלאַנדערס, דאָרט האָט ער דערזען דעם קאָמיזם פון טרערן, און זייענדיק אַ קינד, אָדער וועלנדיק זיין אַ קינד לאַכט ער. נאָרמאַנד זאָגט, אַז „נאָך איידער אַ קינד רעדט ווייס עס שוין דעם ווערט פון אַ שמייכל״. דאָס איז זיין ערשטע שפּראַך, און עס איז ניט אינסטינקטיוו. אַ חיה האָט בלויז די אַטיטודן, וועלכע זיינען דער צייכן פון אַ נויטווענדיקייט, אַ טייל זיינען שיין, און אַנדערע ניט. אָבער קיינע זיינען ניט פריי און נוצלאָז בעת אַ קינד לאַכט, ווייל עס לאַכט, ווייל עס פרייט זיך: אַזוי זיינען לוצקי׳ס לידער קינדישעם לאַכן, אָן אַ צוועק. און ווען די זאַכן זיינען ניט קיין לעבעדיקע, נאָר טויט־באַוועגלאַכע, אָפט אימאַגיניטיווע, ווערט דאָס לאַכן בורלעסק אָדער קאַריקאַטורע, און אַזאַ איז אָפט לוצקי׳ס וועלט. לאַכט לוצקי: (זע „אַ ווינט און אַ רעגן באַפּאַלן אַ מיידל״, 48).

דער ריטם און די ווערטער זיינען צוגעפּאַסט צום אינהאַלט, ווי אין אַלע לוצקי׳ס לידער, ווייל זיינע ווערטער זיינען לעבעדיקע. פאַר לוצקי׳ן זיינען ווערטער לעבעדיקע באַשעפענישן מיט פּולסירנד־בלוט. און זיי פּולסירן אַלע מאָל מיט אַ שנעלערן צי אַ פּאַמעלאַכערן ריטם, לויט דער עמאָציע און דאָס בילד וואָס זיי באַגלייטן. דערפאַר רוישן זיי אַנדערש אין אַ וואַסערפאַל ווי זיי מורמלען אין אַ זומערדיקן רעגן, קלאַפּן אַנדערש ווען די באַן לויפט ווי אין דאָס שטילע ציטעריקע באַוועגן זיך פון אַ שטיקל פּאַפּיר.

לוצקי זינגט זיינע פרימיטיווע קינדישע לידער אויף א פלייט אדער אויף א פייפל. זיי זיינען פרימיטיוו ניט ווייל לוצקי איז פרימיטיוו באמת, נאר ווייל ער וויל זיין פרימיטיוו. ער קאן אנדערש ניט װעלן — דאס איז זיין קינסטלערישער בארוף. אין לוצקי'ס לידער שפּילט דאס װאָרט מער ראָליע ווי די פראַזע. און ביי פּרימיטיווע מענטשן איז די פראַזע א מער נאַטירלאַכער עלעמענט פון שפּראַך ווי דאָס וואָרט. די פראַזע איז אינ־סטינקטיוו. דאָס וואָרט איז א פּראָדוקט פון אנאַליזירן. איך וויל זאגן, אז לוצקי'ס ליד איז פרימיטיוו אין עפעקטן, עס איבעראַשט אונז און רעגנט אויף אונז ווי נאַטירלאַכע וואַסער־פאַלן, ווי פּיראַמידן. ער ברענגט זיין „טויטע וועלט“ און מיט זיינע בילדער מאַכט ער זיי לעבעדיק. ער האָט אזא ריינע בילדלאַכקייט, אז ער פאַרבלענדט אייך. עס איז דאָ אזוי פיל שפּאַט און אַפּלאַכעריי אין זיינע לידער, צי ווען ער וויל דער־גייז דעם סוד פון דער וועלט, צי ווען ער זעט זיין לעבעדיק־טויטע וועלט איז באַוועגונג — אַלעמאָל לאַכט ער: אַפּטמאָל א לאַכן מיט א פאַרמאַכט מויל, בלויז א באַוועגונג פון די מוסקולן.

לוצקי'ס אַלע לידער ווייזן אויף אַן אייגנאַרטיקן אָריגינעלן טאַלאַנט. א טאַלאַנט וואָס איז פריש און אומדערשעפלאַך, באַוועגלאַך און ריטמיש. ער האָט זיין אייגענעם סטיל; זעט די וועלט אויף זיין אייגענעם שטייגער. נאָך מער, ער באַשאַפט א וועלט און באַהויכט איר מיט אזוי פיל לעבן, מיט אזא פיינעם געלעכטער — און זיין וועלט איז פיל אמת'ער ווי אונזער רעאַלע

לעבעדיקע וועלט, ווייל זי איז באהויכט מיט אזא פיינעם פּאַ־עטישן חן, מיט אזא באַצויבערנדן אַנשטעקנדן הומאָר, אז איר זעט און פילט און לאַכט מיט אים פּונקט ווי אין זיינע לע־בעדיקע שאַרזשן, וועלכע זיינען אזוי שעפעריש, אזוי איבער־צייגנד קינסטלעריש טריי, ווי זיינע לידער.

לוצקים אויג וואַנדערט אַלעמאַל, זוכט אַרום, שנעל, און מיט אַן אַפּגעהאַקטן ריטם. און אזוי זיינען אויך זיינע לידער: זיגזאַגן און פאַרדרייטע ליניעס אָבער קינסטלעריש גאַנץ, ווייל זיי זיינען עכט; דורכגעפילט און דורכגעטראַכט און קינסט־לעריש דורכגעלייטערט. ער באַלעבט א נייע וועלט, אריינ־בלאָזנדיק איר א נשמה. ער דערלייזט איר קינסטלעריש.

---

## משה גראָס

„קריטיק“, 1921

ווין.

וועגן א. לוצקי׳ס לידער אין די „שריפטן“, ווינטער־פרילינג, 1920:

——אַנדערש איז די שרייענדיקייט פון א. לוצקי׳ס לידער מיט זיין חנ׳עוודיקן שטיפערישן טאָן, מיט זיין גראָטעסקן הומאָר.

אין א. לוצקי׳ס פּאָעטישע גוזמאות איז פאַראַן די כונה צו פּאָטענצירטער געשטאַלטונג פון דער רעאַליטעט, וועלכע איז — פאַרשטייט זיך — נאָר מעגלאך ביי שטרייגגע איינהאַל־טונג פון דער קינסטלערישער מאָס, ווי א. לוצקי.

---

# א. ח. הערלער

„די פעדער", 1921
ניו־יארק.

לוצקי איז דער דיכטער פון קלאנג־ריטם־און פארב־קאפריזן. עס זיינען דא פאעטן וואס מאכן קונצן מיט קאליר און ריטם, זשאנגליארעווען מיט פאנטאסטישע עפעקטן, אבער לוצקי שטייט מיט זיי ניט אין איין רייע. לוצקי'ס קלאנג־ריטם־און פארב־קאפריזן זיינען ניט קיין געקינצעלטע, ווייל זיין אריגינאליטעט באשטייט ניט אין דעם וואס ער וויל זען די וועלט ניט אזוי ווי אלע זעען זי, נאר אין דעם וואס ער זעט זי אנדערש ווי אלע זעען זי.

לוצקי איז א קינד וואס ווערט נתפעל פון קלייניקייטן, אבער ער דריקט אוים זיין התפעלות אויף אזא אופן, אז איהר מוזט אויך נתפעל ווערן פון די זעלבע קלייניקייטן. (זע „גע־שטאלטן", 211).

לוצקי'ס „טויטע וועלט" איז זיין אינסטינקטיווער אני־מאמין. (זע „א פאדים", 81).

דער צוקונפטיקער ליטעראטור היסטאריקער וועט אן צווייפל זיך אפשטעלן אויף לוצקי'ן פאר זיין עפאכע־מאכנדער אריגינאליטעט. לוצקי איז געקומען אין דער אידישער פאעזיע מיט א פעדימל און מיט אן אפגעברענט שוועבעלע און האט פאר אונז מעשה־מכשף געשאפן א לעבעדיקע־טויטע וועלט.

---

## נ. ווייניג

„קריטיק“, 1921

ווין.

מיר באטראכטן א. לוצקי פאר דעם ערשטן דיכטער ביי אונז, וואס פארמאגט אין זיך פוטוריסטישע עלעמענטן. דער פוטוריסט (א ריין־איטאליענישע דערשיינונג אין איר פראגראַ־מאטישן אויסדרוק) וויל באנעמען דעם דינאמיזם פונם לעבן. ער קאן ניט באטראכטן דאס לעבן אלס געוויסע אויסשניטן, צווישן וועלכע מען ווײלט לויט באקוועמלאכקייט. ער פאסט אויף דאס לעבן אלס גאנצקייט, וואס וויברירט שטענדיק און אומע־טום. די צרה פון פוטוריזם איז אבער, וואס ער האט זיך פאר־לייגט מער אויף דאס מאטעריעלע און אויף דאס פסיכיש־מאטעריעלע. און אנשטאט דעם סינטעז, ש א פ ט ער דעם כאאס. ער מאכט אים צו א פּראבלעם. ער צעשטיקלט די דערשיינונגען, אבער ער פאסט אויף די דערשיינונגען אלס שטיקלאך און פארט זיי מעכאניש צענויף. (זע „א באָרד וויל אנטלויפן“, 49).

בכלל אבער איז דאס לוצקי גובר, דורך זיין שטארקן זין פאר דער ריטמישער אויפוואלונג פון לעבן. א. לוצקי שטעלט זיך ניט אוועק אין א קלייזל פון געוויסע איינצלנע קינסטלע־רישע אנשוויאונגען, נאר ער פילט זיך פאר א טייל פונם גאנץ גרויסן באארבעטונגס־פּראצעס, אינם זין פון היינטיקע באדער־פעניש, פון די נעירשנטע ווערטן. ביים פוטוריסט איז דער

אויסגאנגספונקט צו דער דרויסנדיקער וועלט, וועלכע פראלט מיטן גאנצן כח אויף דער מענטשלאכער נשמה און דוקא מוז זי געפינען דעם אויפן פון אויפנעמען פון די פארשיידנארטיקע דערשיינונגען און וועזנס, אויפאסן דעם סימולטאניזם, די איינציקייט פון אלץ ארום. לוצקי, ווידער, נעמט דאס אלץ אויך צו, אבער מיט דעם חילוק, וואס ער גייט ארויס פון א געוויסער דאגמע, ער פאראייניקט גליקלאך דעם סימולטאניזם מיט די הומאניסטישע טענדענצן.

א. לוצקי איז די כאראקטעריסטישסטע דערשיינונג אין אונזער קונסט.

---

## מאָרים ווינטשעווסקי

„פאָרווערטס", 1921
ניו־יאָרק.

עס וועט אפשר זיין אומגלויבלאך,
אָבער איך בין בארייט אוועקצוגעבן א חלק פון מיין חלק לעולם הבא, א כוס פון מיין חלק יין המשומר, א שטיק פון מיין חלק לויתן. דאס אלץ גיב איך אים אָדער איר, וואס וועט מיר זאָגן דעם מיין פון א. לוצקי'ס לידער. (זע „אַ מענטש", 137; „באַנען", 159; „פאַרוואָס בין איך אַזוי", 208).

---

## פּראָפּ. ג. זעליקאָוויץ

„טאַגעבלאַט“, 1925.
ניו־יאָרק.

עס ליגט פאַר מיר אַ פּאָעמע פונם באַוואוסטן פּאָעט און אימפּראָוויזאַטאָר א. לוצקי, „דעם רבינס הויז זאָגט תורה“, געדרוקט אין זשורנאַל „צוקונפט“, געווידמעט צום באַרימטן דיכטער אברהם רייזען. די פּאָעמע איז ניט נאָר עכט אידיש און מיט פּרעכטיקע דייטליכקייט, נאָר אויך אמת׳ע ריינע פּאָעזיע פון דער ערשטער ביז דער לעצטער שורה.

„דעם רבי׳נס הויז“ זאָגט ניט נאָר איינפאַכע תורה, נאָר אמת פּאָעטישן פּלפּול.

איך בין מודה, אַז דאָס איז דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן וואָס איך געפין אין אַ ראַדיקאַלן אידישן זשורנאַל אַזאַ גייסטיקן פּערל.



## דער לעבעדיגער

„קונדס“, 1921
ניו־יאָרק.

לוצקי׳ס ליד אין אונזער היינטיקן נומער „קונדס“ איז, אזוי צו זאָגן, בלויז איין „מת“ פון זיין „טויטער וועלט“, און לויט ווי מיר האָבן באשלאָסן — איז דאָס דוקא א גאנץ לעבעדיקער מת.

לוצקי׳ס פּאָעטישע בריה׳שקייט באשטייט אין דעם, וואָס ער נעמט טויטע זאַכן פון דעם „עולם הדומם“ און ער בלאָזט אין זיי אַריין לעבן. דאָס איז אַ גרויסער אויפטו.

ווען ש. ניגער וועט ווערן „אינגער“ וועט ער עס כאַפּן... (זע „אַ פּאַדים“, 181).

## דער לעבעדיגער

„קונדס“, 1924.
ניו־יאָרק.

ווען איך וואָלט געהאַלטן ביי טיילן קרוינען און זאַלבן פּאָעטן, וואָלט איך געזאַלבט א. לוצקי אַלס דעם ר ע ז ש י ס אָ ר אי ן ד ע ר א י ד י ש ע ר פּ אָ ע ז י ע.

זיין יעדע ליד איז חוץ געדיכטעט אויך ר ע ז ש י ס י ר ט.

זיין יעדע ליד פּאַרמאָגט מימיק, מאַסקע, גרים, כאָטש נעם און לאָז אַרויף לוצקי׳ס ליד אויף דער בינע שפּילן טעאַטער!

זיין „ביים רבינס טיש" איז איינע פון די בעסטע סער׳עס פון זיינע רעזשיסירטע לידער.

א. לוצקי איז שיעור א פּאָעטישער סטאַניסלאַווסקי. זיין מעלה אַלס סטאַניסלאַווסקי איז וואָס ער איז אַ רע־אַליסט און האָט שטימונג. גיט זיך אָפּ מיט זייטיקע קנייטשע־לאַך, אָבער פאַרגעסט ניט דעם הויפּט־קנייטש. האָט אַן אויג אויפ׳ן „אַנסאַמבל", אָבער פאַרגעסט אויך ניט אַן הויפּט־העלד.

---

# דער לעבעדיגער

„קונדס", 1924
ניו־יאָרק.

לוצקי איז פריער פון אַלץ אַ דיכטער. און נאָכדעם אַ הומאָריסט. און ערשט נאָכדעם אַ פילאָזאָף, ווי יעדער הומאָ־ריסט פון בעסערער אָפּשטאַמונג... זיין דיכטונג איז דיכטעריש־פילאָזאָפיש־ הומאָריסטישע דערגרייכונג פון גרויסן מאַסשטאַב.

זיין „קאַפּעליע" איז מער ווי אַ קאַפּעליע, עס איז אונזער קאַפּעליע... די אינסטרומענטן — נשמות פון מענטשן וועלכע שפּילן און פאַרשפּילן זיך ביז דעם לעצטן פּים־פּאַם, פּים־פּאַם...

און ווען דער קאָנטראַבאַס פאַרענדיקט די חתונה איז עס ניט די ענדע פון אַ קליינשטעטלדיקער חתונה... ס׳איז די ענדע פון אַ וועלט־חתונה מיט אַלעמען אַלס מחותנים...

עס ענדיקט זיך ביי לוצקי׳ן די גרויסע חתונה פון לעבן מיט אירע פארשיידענע שפיל־אינסטרומענטן אויף דער גרעבסטער סטרונע — און דאך אזוי דין...

פים־פאם, פים־פאם, ביז ארונטער...

פים־פאם — און ניטא מער קיין חתונה...

און ס׳ווערט אזוי טרויעריק און אזוי ליב... עס איז דאס ליד פון לעבן וואס פארגייט און פארגייט דאך ניט.

לוצקי האט די מימיק פון ווארט.

און דאס איז מער ווי די מימיק פון פנים.

איר ווייסט ניט ווי אזוי ער רופט עס ארויס, נאר איר זעט ממש ווי יעדעס ווארט קומט ביי אים ארויס מימיזירט.

און אפילו, דוכט זיך, גרימירט.

לוצקי איז דער איזאדארא דאנקאן פון דער קונסט פון ניט דערזאגן און דאך א סך זאגן...

ז י — טאנצט אויס אירע ניט דערזאגענישן מיטן גוף.

ע ר — טאנצט זיי אויס מיטן ווארט...

לוצקי׳ס פילאזאפיע באשטייט אין זען לעבעדיקע אין טויטע און טויטע אין לעבעדיקע.

ביי לוצקי׳ן איז טויט און לעבן א י י ן ז א ך , ווי פון איין שאטן אויסגעשאטנט...

מענטשן און זאכן האבן ביי אים איין פנים, איין ווערט, איין מימיק.

ער האט צו מענטשן און זאכן איין צוטריט.

א טעפל איז ביי אים אויף איין מדרגה — ווי א חזן.

א פּאַז — אויף איין מעמד ווי אַ חסיד.

לוצקי׳ס באַציהונג צו וועלט און מענטשן איז ווי פון אַ שאַך־שפּילער צום שאַך־ברעט: ברוטאַל־קינסטלעריש.

ער צעשטעלט פיגורן — און שטעלט זיי איבער.

טויטע פיגורן — אָבער ביי אים לעבן זיי.

לעבעדיקע פיגורן — אָבער ער טויט זיי אָפּ, צעשלאָגט זיי אַז רחמנות און נעמט זיי אַרונטער פון שאַך־ברעט...

לוצקי האָט באַוויזן, אַז ער קאָן זאָגן תורה און ניט דוקא „ביים רבינס טיש״, ווייל אַז איר ווילט זאָגט לוצקי נאָר תורה— ער רופט עס „אימפּראָוויזאַציע״.

נאָר דאָס איז ניט וויכטיק, ווער רופט דען אָן אַ זאַך מיטן ריכטיקן נאָמען?

רעזומע: לוצקי איז מער ווי טעאַטער און מער ווי אַ פאַרלעזער און אודאי מער ווי אַ נאָכמאַכער פון מענטשן און כלים.

לוצקי שאַפט אַ כ ל י פאַר זיך אַליין...

ס׳איז זיינס: ס׳איז שאַפונג און איבערשאַפונג צוזאַמען. ס׳איז „לוצקיאַדן״.



## דר. א. מוקדוני

„מאָרגן זשורנאל“, 1924.
ניו־יאָרק.

אין לוצקי׳ס אַרויסטרעטן זעען מיר פאַר זיך אַ פּראָבע צו פאַראייניגן די צוויי קונסטן — דיכטונג און שוישפּיל.

א. לוצקי איז אָן ספק אַ זייער אָריגינעלער דיכטער.

אמת, זיין דיכטונג האָט אַ נאָענטע שייכות צום טעאַטער. עפּעס ציט זיך די נשמה זיינע צו די סודותדיקע קוליסן, עפּעס איז איר שורש אין טעאַטער.

אבער ניט דירעקט צום אַקטיאָר ציט זיך זיין דיכטונג, נאָר צו דעם נייעם קינסטלער אין טעאַטער — צום רעזשיסאָר. זיין אימפּראָוויזאַציע „ביים רבינס טיש„ און „די קאַפּעליע“ זיינען דיכטערישע רעזשי, טעאַטראַלישע קאָמפּאָזיציע.

דער רבי מיט די חסידים זיינען זייער אָפטע געסט אין אונזער טעאַטער און אין אונזער ליטעראַטור.

מיר זעען אָבער כסדר אַ כאָפּטע שטריימלאַך און היטלען, קאַפּאָטעס און גאַרטלען, מיר האָבן נאָך ניט געזען קיין לע־בעדיקע קאָמפּאָזיציע, קיין קינסטלערישע קאָמפּאָנירטע מאַסע פון חסידים אַרום רבי׳ן, ווי א. לוצקי׳ס „ביים רבי׳נס טיש“.

א. לוצקי האָט אין זיין אימפּראָוויזאַציע „ביים רבינס טיש“ געגעבן דעם בעסטן, דעם טיפסטן און האַרמאָנישסטן רעזשי פון אַ מאַסע חסידים ביים רבינס טיש.

א וואונדערבארער ארקעסטער.

דער רבי איז די ערשטע פידל, די פידל וואָס גיט דעם טאָן, וואָס גיט די התעוררות, די באגייסטערונג, די עלית נשמה אלעמען.

דאָס איז לחלוטין ניט קיין אימפּראָוויזאציע, עס איז א גוט־דורכגעטראכטער, אין אלע איינצלהייטן דורכגענומענער רעזשי.

די אימפּראָוויזאציע איז ניט בכח צו געבן אזעלכע דעטאלן, אזעלכע געפיילטע און פּאָלירטע איינצלהייטן. די אימפּראָוויזאציע קען געבן גרויסע שטריכן, פעטע פארבן־פלעקן, זי קאָן אבער ניט געבן אזא דינע, פיינע ליניע, אזא געציקלטן און פיין־אויסגעצאצקעטן פארבן־שפּיל, ווי לוצקי׳ס „ביים רבינס טיש״.

אין א. לוצקי׳ס שפּילן איז דאָס וואָרט דער עיקר. און דאָס וואָרט קומט אמאָל ווי א בליץ און באהעלט א פארבאָרגענע וועלט.

איין מייסטערהאפטע וואָרט, און איר זעט דעם מענטשן, איר זעט די סיטואציע אין וועלכער דער מענטש אָדער דער נעגנשטאנד געפינט זיך.

און דאָס ווערט ניט ארויסגעשריען פון מענטשן גופא, וועלכן לוצקי שילדערט, נאָר פון אים, פון דיכטער, עס איז דאָס וואָרט, וואָס כאראקטעריזירט, דאָס וואָרט וואָס באקאָנט אונז מיט מענטשן, דאָס וואָרט וואָס שטעלט אים אונז פאָר.

א. לוצקי איז א וואונדערלאכער זעהער. טשיקאווע מענטשן זעט ער און אין יעדן מענטשן זעט ער עטוואס טשיקאוועס.

ער זעט עס ווי א דיכטער און ניט ווי אן אקטיאָר, אן אקטיאר זעט נאר די פּלאסטיק. ער זעט די באוועגונג.

א. לוצקי דערהויבט זיך מיטן כח פון ווארט, מיט שם המפורש פון די דיכטונג צו אן איבעראשנדיקער הויך.

א. לוצקי׳ס אימפּראוויזאציעס זיינען געגוג ראפינירט. פיין, אמוזאנט, און ערטערווייז זער פּיקאנט. עס איז א טיפער גענוס פאר דאס בעסערע פּובליקום אים צו זען און הערן און דאס טעאטער אונזערס קען זיך לערנען ביי אים ווי צו ארגאניזירן מאסן, ווי צענויפצושטעלן פון באזונדערע שטיקלאך און ברעקלאך מענטשן, איין גאנצע ליכטיקע, שיינע און לעבעדיקע מאסע.

---

## ש. ניגער

„טאָג“, אויגוסט, 1921

ניו־יאָרק.

וועגען א. לוצקי׳ס לידער אין די „שריפטן“ ווינטער־פרילינג, 1920:

עס איז פּשוט א זינד זיי צו דרוקן.

———עס הויבט זיך אן דוכטן דעם לעזער, אז זיין א מאדערנער דיכטער הייסט... פּלוידערן סתם אין דער וועלט אריין, אדער וויזן קונצן — ווי א. לוצקי אין „א זון מיט א רעגן“. (זע „א זון מיט א רעגן“, 171).

עס פרעגט זיך, וואס האט פארט א. לוצקי געזען, ווען ער האט געקוקט אויף „א זון מיט א רעגן"?

עס איז דאך אוממעגליך צו זען מיט איין מאל אין דער לופט אי ציענדיקע שלאנגען, אי ליכטיגע זאנגען, אי גלעזערנע שטאכעטן, אי זילבערנע זיילן, אי שטאלענע סטרונעס, אי שפרינגנדיקע שטאנגען, אי טאנצנדיקע מיידל־פיס! און דער תירוץ: ער האט גארנישט ניט געזען און ער ווייזט אונז גארנישט.

א חוץ — קונצן...

זיינען די „שריפטן" אן ארגאן פון קונצנמאכער?

איז דער „טעמפל פון דער אידישער פאעזיע" געווארן א צירק?

האט צוליב דעם געלוינט אזוי צו שלייפן דעם אידישן פערז?

---

## ש. ניגער

„טאג", 1923.
ניו־יארק.

פון ווארט־שטאנדפונקט זיינען א. לוצקי'ס אימפראוויזאציעס שארף, געשליפן און קולטוואווירט.

---

## ש. ניגער

„טאָג“, 1926
ניו־יאָרק.

אין מאי־נומער „צוקונפט“ איז דאָ אַן „אימפּראָוויזאַציע“ פון א. לוצקי׳ן — „אַ חתונה“. איז עס פּאָעזיע אָדער פּראָזע? פאַר פּאָעזיע איז עס ניט גענוג עמאָציאָנעל, אויך ניט גענוג געדיכט. עס האָט דעם ריטם פון פּראָזע. אָבער עס איז אַ נייער מין פּראָזע. עס איז אַ פאַרפּיינערטע, פאַרקירצטע, צו־געשפּיצטע פּראָזע. אפילו אַן אַלטער געדאַנק קלינגט אין איר ניי... „יעדער אָראָפּ איז טרויעריג“. איז עס דען ניט אַלט? אָבער עס איז ניי געזאָגט.

פאַר לוצקי׳ן איז יעדע זאַך, יעדער ריהר און יעדער קלאַנג — אַ פאַבל. שטייען הייזער אין שטעטל, איז יעדעס פון זיי — און דאָס עצם שטיין זייערס — אַ משל מיט אַ נמשל. (זע „דריי הייזער“, 262).

קיין בילדלאָכקייט איז ניטאָ אין דעם. אָבער עס איז דאָ אַ נייער, פרישער אופן פון קאָנקרעטיזירן געדאַנקען.

אָבער עס זיינען דאָ בילדער אויך אין דער אימפּראָוויזאַציע. בילדליך ווערט לוצקי, ווען ער מאָלט מענטשלאָכע כאַראַקטאָרן דורך מענטשלאָכע, ניט כמו־מענטשלאָכע האַנדלונגען. ווען ער דערציילט, צום ביישפּיל, ווי צוויי אידן טרינקען לחיים אָדער ווי פאַרשיידענע געסט אויף דער חתונה טאַנצן, גיט ער אונז

לעבעדיקע געשטאַלטן. און דאָס זיינען טאַקע די ווערטפולסטע שטעלן פון זיין אימפּראָוויזאַציע. אין זיי גיט ער אונז שטיקער נשמה פאַרקערפּערט.

## ס—ם

„דער וועקער“, 1922
ניו־יאָרק.

א. לוצקי איז אַן אָריגינעלער פּאָעט.

אַביסעלע מאַניעריש, אָבער ער פאַרמאָגט אַ פרישע בילד־לאַכקייט וואָס צווינגט אייך צום לעזן און אין אים צו זיין פאַראינטערעסירט.

# אהרן קארלין

ווען האַמער׳ן דערציילט זיך, אַז דריי שטעט האָבן זיך אַרומגעקריגט, וועמען פון זיי עס געהער דער כבוד אַלס זיין געבורט־שטאָט. ווען דעם מאָדערנעם א. לוצקי׳ן גייט לעצטנס אַז אַ פּלוגתא צווישן שרייבער, ווער פון זיי ס׳איז געווען דער ערשטער וואָס האָט אים אויסגעהאָלפן צו דער אַנט־וויקלונג פון זיין טאַלאַנט.

דערציילט דער עסייאיסט און קריטיקער חיים ליבערמאַן; אַז דער איצטיקער א. לוצקי, וועמעס אמת׳ער נאָמען איז אהרן

צוקער, איז א שטיקל צייט נאָך זיין קומען קיין אַמעריקע, אַמאָל אריין אין דער רעדאַקציע פון „טאָגעבלאַט", וואו ער, חיים ליבערמאַן, האָט דאַמאָלט מיטגעאַרבעט און אים געוויזן א רעקאָמענדאַציע־בריוו פון נח פּרילוצקי׳ן פון וואַרשאַ, צו א. אַלמי׳ן אין ניו יאָרק; אַז ער, א. אַלמי זאָל זען פּראָטעזשירן אהרן צוקער׳ן ווענען ער האָלט פאַר א באַגאַבטן אָנפאַנגער און זען צו דרוקן זיינע לידער אין די ניו יאָרקער צייטונגען. דערביי האָט ער אים געצייגט א צאָל לידער זיינע.

ער, ליבערמאַן, האָט די לידער ביי אים צוגענומען, און דורך זיין איינפלוס זיינען די לידער געדרוקט געוואָרן אין „טאָגעבלאַט".

שפּעטער, ווען ער, לוצקי, האָט שוין אָפּגעדרוקט א צאָל לידער אין „טאָגעבלאַט" אויך אָן ליבערמאַנ׳ס „הילף" און דער רעדאַקטאָר פון „טאָגעבלאַט" האָט שוין אפילו ביי אים באַשטעלט א ספּעציעל ליד פאַר עפּעס א יום־טוב, האָט ליבערמאַן, אים, דעם איצטיקן א. לוצקי, געראָטן פּרואוון דרוקן זיינע לידער אין אַנדערע צייטונגען — און באַלד נאָכדעם האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן אין „פאָרווערטס" לוצקי׳ס לידער.

און אויך האָט א. לוצקי מיר אַמאָל דערציילט; אַז ווען ער, איז געקומען מיט זיינע לידער אין „פאָרווערטס", זיינען זיי זייער געפעלן געוואָרן אב. קאַהאַנען, בלויז איין מניעה איז געווען, וואָס זיין נאָמען, אונטער וועלכן ער איז שוין געווען באַקאַנט ביי די לעזער פון „טאָגעבלאַט". האָט אים אב. קאַהאַן

דערפאר געראטן אנצונעמען א נייעם ליטעראַרישן נאמען: א. לוצקי, נאך דער שטאט לוצק, פון וואנען ער קומט.

דאס איז געווען אין 1917.

אנהויב 1918 ווערט א. לוצקי צוגענומען אין דער אמעריקאנער ארמיי און אריבערגעשיקט אין די טראנשעען אין פראנקרייך, וואו ער בלייבט איבער א יאר־צייט.

פון שלאכטפעלד שרייבט ער קיינעם ניט קיין בריוו; א חוץ איין בריוו צו זיין קאלעגע און פריינט אברהם רייזען. אין יענעם בריוו שרייבט ער אים צווישן אנדערע זאכן:

„נאך אזא שוידערלאכער ענדערונג אין דער וועלט, וועט זיך אויך מוזן ענדערן די ליטעראטור.—אויב איך וועל קומען צוריק, וועל איך שרייבן אין גאנצן אנדערש ווי פריער.“

אין דער צייט פון לוצקי׳ס זיין אין די טראנשעען אין פראנקרייך, האבן א צאל זיינע פריינט, דורך דער איניציאטיוו פון אברהם רייזען צונויפגעזאמלט א. לוצקי׳ס לידער, זיי אריין געגעבן אין דרוק ארויסגעגעבן צו ווערן אין בוך־פארם. איידער אבער דאס בוך איז דערשינען, איז א. לוצקי אנגעקומען צוריק פון דער ארמיי, און זיך זייער געפרייט וואס דאס בוך איז נאך ניט געווען ארויס פון דרוק און גלייך געבעטן זיינע פריינט דאס בוך ניט ארויסצוגעבן, ווייל ער איז ניט צופרידן מיט די פריערדיקע לידער.

און דאָ קומט א. לוצקי׳ס נייע תקופה. א. לוצקי הויבט אָן צו שרייבן גאַר אויף אַן אַנדער אופן ווי פריער — אָבער וואו צו דרוקן זיינע נייע לידער האָט ער ניט מער. זיין נייער אופן פון שרייבן קלינגט ווילד אפילו צו די גרעסטע מבינים און קריטיקער, און קיינער פון זיי וויל אים ניט אָנערקענען.

ווען א. לוצקי האָט אָנגעשריבן זיינע לידער: „באַנען״ „מיט צוגעמאַכטע אויגן״, „וואָרום בין איך אַזוי?״ — האָבן געוויסע דיכטער און קריטיקער, אין דער היץ פון דער דיס־קוסיע וועגן זיי, געקלאַפּט אין טיש מיט אויסגעשרייען: „מען טאָר אין דער אידישער ליטעראַטור ניט דערלאָזן שרייבן אַזעלכע לידער״. עס איז אַ זינד זיי צו דרוקן״. — בלויז איין וויכטיקן פאַרטיידיקער האָט לוצקי געהאַט — אברהם רייזען. און איין זשורנאַל צו דרוקן זיינע לידער — „די פעדער״.

יעדעס מאָל ווען עס איז דערשינען אַ נייער נומער „די פעדער״ מיט א. לוצקי׳ס לידער איז די „ליטעראַרישע קאַפּע״ געגאַנגען אויף רעדלאַד; מען האָט געשריען, קריטיקירט און־באַאיינפלוסט געוואָרן פון די זעלבע לידער.

קיין וואונדער ניט וואָס בעת געוויסע דיכטער און קרי־טיקער האָבן געצערנט אויף לוצקי׳ן און געלאַכט פון מיר פאַר וואָס איך דרוק אין דער „פעדער״ זיינע לידער, איז מיר איבער־ראַשנדיק־אָנגענעם געווען צו דערזען דעם בריוו פון דעם באַ־רימטן קריטיקער בעל מחשבות פון בערלין, צו דעם י. ל. פּרץ שרייבער פאַראיין אין ניו יאָרק, וועלכער איז אָפּגעדרוקט גע־

ווארן אין די אידישע צייטונגען, אין וועלכן ער שרייבט: „א גרוס דעם נייעם וואונדערבארן פּאָעט א. לוצקי, וועמען איך לייען אין דער „פעדער“.

ביסלאכווייז, ביסלאכווייז, ווערט א. לוצקי אנערקענט אלס דער אייגנארטיקסטער דיכטער פון דער אידישער ליטעראטור אין אמעריקע. די מערסטע קריטיקער שרייבן וועגן אים אר־טיקלען אין די צייטונגען נאָך איידער זיינע לידער דערשיינען אין בוך־פארם. דער פארדינסט פון געגעבענער געלעגנהייט פאר זיין טאלאנט צו ווערן אנטפּלעקט פאר דער עפנטלאכקייט, געהערט, אלזא, צו דער „פעדער“.

---

## הלל ראָגאָף

„פאָרווערטס“, 1923.
ניו־יאָרק.

א הומאריסטישע באלאדע פון א. לוצקי׳ס „ביים רבי׳נס טיש“ אין זשורנאל „צוקונפט“.

מיר באטראכטן דיזע פּאָעמע לוצקי׳ס אלס א מייסטער־ווערק פון כאראקטער־מאלעריי און פּאָעזיע. מיר האָבן געפילט א טעם גן־עדן לעזנדיק.

---

# ב. ריווקין

פילאַדעלפיא.

„אידישע וועלט“, 1927

א. לוצקי איז מקיים די אידישע פּאָעזיע בפועל ממש. ער טראָגט זי אין דער מאַסע אַריין, איידער ער האָט זי נאָך אָנגעשריבן און אָפּגעדרוקט. ער אימפּראָוויזירט זיינע לידער פאַר די אויגן פון זיינע צושויער — צוהערער.

א. לוצקי איז דער אמת׳ער פּאָעט פון אונזער היינטיקן אידישן דור. ער האָט אַראָפּגענומען די פּאָעזיע פון דער פּאָליצע, און שפּילט זי פאַרן פּובליקום. ער איז דער אַקטיאָר פון זיין ליד...

עס איז פּאָעזיע אין באַוועגונג. טויטע זאַכן ווערן ווי לעבעדיקע מענטשן. און די לעבעדיקע מענטשן ווערן כאַראַקטעריזירט דורך די זאַכן, מיט וועלכע זיי זיינען פאַרוואַנדט. די טויטע און לעבעדיקע וועלט ווערן אויסגעמישט, אַלץ ווערט לעבעדיק.

און דאָס איז דאָך די עסענץ פון פּאָעזיע. ער האָט צוריקגעבראַכט די פּאָעזיע צו איר יחוס פון אַמאָל, ווען פּאָעטן זיינען אַרומגעגאַנגען זינגען זייערע לידער. לוצקי איז מער. ער איז פאַר זיין ליד אַ גאַנצע טרופּע אַקטיאָרן, מיט אַן אָרקעסטער דערצו.

א. לוצקי איז ביי אונז — בלויז איינער.

# אַברהם רייזען

„פעדער“, 1927
ניו־יאָרק.

א. לוצקי, וועלכער האָט זיך באַוויזן נאָך אין 1917 מיט אַ צאָל לירישע לידער אין „טאָגעבלאַט“, „פאָרווערטס“, „ווארהייט“ און אַנדערע, וואָס האָבן שוין געוועקט די אויפמערקזאַמקייט צו אים מיט זייער אויפריכטיקן טאָן — איז, ביי דער ענדע פון דער וועלט־מלחמה, אין 1919, אין וועלכער ער האָט איבעריגענס, אַליין אַנטייל גענומען — אַריבערגעגאַנגען אינגאַנצן צו נייע פאָרמען, נייעם אינהאַלט און צו נייע מאָטיוון, מיט וועלכע ער האָט אונז איבעראַשט און דערפרייט.

שוין מיט זיין ערשטער ליד, „באַנען“, וועלכע באַצייכנט דעם איבערברוך אין זיין שאַפן, האָט לוצקי זיך אַרויסגעוויזן אַלס „נייער וואונדערלאַכער דיכטער“, ווי בעל־מחשבות האָט אים אין אַ בריף צום י. ל. פּרץ שרייבער פאַריין — מיט רעכט אַנגערופן.

הערט איר נישט אין די קלאַנגען פון די ווערטער, וואָס פאַלן אַזוי נאַטירלאַך, ווי די באַן לויפט איבער די שטאָלענע רעלסן?... (זע „באַנען“, 159).

עס איז גרוים שפּיל מיט גרויסן אינהאַלט צוזאַמען.

„נישטאָ קיין צייט, נישטאָ קיין צייט,
נישטאָ קיין צייט, נישטאָ קיין צייט,
וועג — ווייט, וועג — וועקט...“

אַט אזוי „מאַכט" אַ „באַן" אין זיין גאַנג און אַט דאָס איז דער זין, אָדער די זינלאָזיקייט פון זיין שנעלן לויף: ניטאָ קיין צייט...

זין און שפּיל, שפּיל און זין — אַט דאָס איז דער תּוך פון לוצקי׳ס לידער, אָדער, ווי ער רופט מאַנכע פון זיי, די גרעסערע, — אימפּראָוויזאַציעס .

אַ נייער זשאַנר אין דער אידישער פּאָעזיע און אפשר אויך אין דער וועלט־פּאָעזיע.

אין דער וועלט־פּאָעזיע איז נאָר אַנאַלאָגיש צו אים וואָלט וויטמאַן, אָבער וויטמאַן איז צופיל אָפּטימיסט, צופיל נביא, האָט ער ווייניק נואַנסן, לויטער מאַדזשאָר, אָהן מינאָר...

אויך לוצקי זינגט פון פרייד, אָבער די פרייד האָט דעם הינטערגרונט פון צער, פון איידעלן אומעט... (זע „אַ ליד צום ליד", 130).

לוצקי ווייס די טיפסטע סודות פון נאַטור און לעבן. און אַלץ אין דער נאַטור לעבט, אַלץ ביינקט, אַלץ לעכצט... אפילו אַ שוועבעלע וואָס כאַפּט זיך אַרויף אויף אַ רוקן פון אַ שטראָם — פּאַרט אויסזען די וועלט... אַ פּאַפּיר דערפילט דעם אומעט פון זיין און וויל באַגיין זעלבסטמאָרד, וואַלגערנדיק זיך ביי די רעלסן פון אַ באַן, אָבער ס׳האָט חרטה... עס וויל זיין...

ווער רעדט „אַ פליגעלע אין פעלד" — דאָס איז אַ גאַנצע וועלט.

אַזוי פיל ליבע צו אַלץ וואָס לעבט! און אויב עס לעבט אפילו ניט באַלעבט עס לוצקי, כדי ער זאָל עס קענען ליב האָבן און באַזינגען... (זע „פּאַרנאַכט", 217).

אבער דאָס זיינען:
„ליכטיקע עלנטן.
לויטערע אומעטן".
(זע „ביינאַכט אין פעלד", 139).

אַלץ ליכטיקט, אַלץ לויטערט ביי א. לוצקי׳ן... אפילו דער אומעט...

מיט א שטאַרקן חוש פאַר לעבן, מיט א פאַרשטענדעניש — א ריין אינטואיטיווע — פאַר די ענדערונגען אין דער וועלט האָט ער, ווי קיין אַנדערער פון די נייע און עלטערע דיכטער, — אין זיין ליד „דזשעז" אַרויסגעזונגען, אָדאַר בעסער אַרויסגעשריען דעם טעמפּאָ פון דער נייער וועלט, פון דער נייער צייט... (זע „דזשעז", 192).

פריי פון געקינסטלטן פּאַטאָס, פאַרמאָגט זיין ליד א סך נאַ־טירלאַכן אָפּפרישנדיגן הומאָר, סיי אין זיינע קלענערע לידער, סיי אין זיינע פּאָעמען, וואָס ער רופט אימפּראָוויזאַציעס. אָבער דער הומאָר איז בלויז צו באַשטראַלן זייער טיפן אינהאַלט. אויך אין די געשטאַלטן, וואָס ער אַנטפּלעקט פאַר אונז אין „א חתונה", „ביים רבינס טיש", „אַ קאַפּעליע", „אין אַ מוזיק־סטאָר", איז ער ניט אויסן בלויז די געשטאַלטן אַליין צו געבן, נאָר די טיפע פילאָזאָפיע, וואָס עס שיינט פון יעדן געשטאַלט אַרויס, מעג עס זיין אומבאַוואוסט... און אפשר טאַקע דערפאַר ווירקט עס אויף אונז שטאַרקער, טרייסטנדיקער, באַרוהיגנדיקער.

אָט טאַנצן אויף אַ חתונה צוויי באָבעס. (זע „אַלטע באָבעס טאַנצן אויך", 290).

ווענן א. לוצקי׳ס שפּראך וואָלט מען געדאַרפט שרייבן אַ באַ־זונדער אָפּהאַנדלונג, ווי ראַפינירט, געאיידלט זי איז, אויך פריש און קוועליג, זי איז ראַפינירט — ניט קוקנדיג וואָס ער איז פאָלקסטימלאך אויף זיין אייגענעם שטייגער.

אין זיינע לידער, איבערהויפּט אין זיין „געזאַנגן ווענן „וואַ־סערן", פליסן ביי אים די ווערטער, ווי זילבערנע שטראָמען... עס איז אַ פרייד צו ציטירן שטעלן פון זיינע לידער, אָדער אפילו גאַנצע לידער. איך מוז מיר אָבער אָפּהאַלטן און לאָזן די פרייד געניסן די לעזער אליין, וועלכע וועלן באַקומען אזא מתנה, ווי לוצקי׳ס געזאַמלטע לידער. אַ גרויסע ביישטייערונג צו דער אידישער פּאָעזיע בכלל און אַ גרויסע פרייד פאַר די ליבהאָבער פון פּאָעזיע בפרט.

אפילו די געגנער פון דער מאָדערנער אידישער פּאָעזיע וועלן ליב באַקומען לוצקי׳ס לידער. אזא קראַפט איז שוין דאָ אין זיי — די קראַפט פון עכטער פּאָעזיע.

ערשטער בוך

# לעבעדיג און פרייליך

## אין זעקס טייל

(פון מיינע לידער „די טויטע וועלט")

## באַלד וועט זיין אַ רעגן

באַלד וועט זיין אַ רעגן,
אַזוי דערציילט די גאַס.
קוקן אַלע הייזער
דערשראָקענע און בלאַס.

טראָגט זיך אַ פּאַפּיר,
און ליאַרעמט אין דער גאַס:
גוואַלד! גוואַלד!
איך וועל ווערן נאַס!

קומט אַ זון פון הימל,
שטעלט זיך אָפּ אין גאַס,
און לאַ—אַ—אַ—כט:
עס וועט נישט זיין קיין רעגן. —
נאָר געמאַכט אַ שפּאַס.

# אַ ווינט און אַ רעגן באַפאַלן אַ מיידל

אַ ווילדער ווינט —
האָט זיך צוגעכאַפּט צו אַ יונגער מיידל
אויף אַ בלעכענער שילד
פאַר אַ שניידערס הויז,
וויל א רעגן איר פאַרטומלען.
רייסט זי זיך פון זיי מיט גוואַלדן
און שרייט מיט קוויטשיקע קולות:
שניידער!
נעם מיך אריין!

## אַ באָרד וויל אַנטלויפן

אַ ווייסע באָרד
וויל אַנטלויפן פון אַן אַלטן אידן
אין ווינטיקן דרויסן. —
פלאַטערט זי ווי אַ פאָן אין דער הויך.
בלאָזט זיך דאָס היטל אויף זיין קאָפּ
אונטער די ציטערדיקע פינגער
פון זיין לינקער האַנט
און קייכט פון געלעכטער
אין זיין רעכטן אויער אַריין.

## אַ פּאַפּיר וויל באַגיין זעלבסטמאָרד

אַ פּאַפּיר איז נמאס געוואָרן דאָס לעבן,
איז ער צוגעפאַלן צו א רעלס
און האָט אָפּגעוואַרט די באַן.
ווען די באַן האָט זיך אָנגעיאָגט —
האָט ער זיך דערשראָקן פאַרן אימפּעט,
זיך געטאָן
אַ — הויב־אויף
און איז אַוועק מיט אַ מורא׳דיקער פרייד.

# אַ חזן אין דער לופטן

אַ ווינטיקער חזן —
שפּאַנט אין דער לופטן
מיט אויסגעשפּרייטע הענט איבער די גאַסן,
און בעט פּאַר אַן עלנטן שטיין
אַ תּפילה צום הימל
עס זאָל רעגענען,
אַ שטיין וויל וויינען.
לויפן לופטיקע זינגערלאַך הינטער אים
און האַלטן אים אונטער.
בלאָזן זיך וועש
אויף שטריק אין דער הויך
און טייטלען מיט די ווייכע פים
און מיט די ליידיקע אַרבל
איינע צו די אַנדערע.
קוקן אויפן לויטערן הימל
און האַלטן זיך ביי די זייטן
פון געלעכטער.

# אַ קאַלוזשע הויבט זיך

לאַנגע לוסטיקע רעגענער
זיינען זיך אַנגעלאָפן אין אַ טרוקענעם טאָל
און שפּרינגענדיק און זינגענדיק,
טאַנצען זיי אין אַ קאַלוזשע.

הויבט זיך די קאַלוזשע
אונטער זייערע טאַנצנדיקע טריט
און שפּריצט צו זיי מיט חנ'דעלאַך,
קוועלט מיט רעדעלאַך איבערן גאַנצן לייב
און ציטערט אַזש פון פרייד.

שטעלט זיך אָפּ אַ וואָגן איבער דער קאַלוזשע
און פאַרשטעלט איר דעם הימל.
קוקט זי אַ דערשראָקענע
צום טרוקענעם דאַך אונטערן וואָגן
און שוידערט מיט פּחד פאַרן דורשטיגן ווינט. —

פּאַטשן די שטורמדיקע רעגענער דעם פערד אין פּנים,
און ווילן אים אָפּטרייבן.

שטייט דער פערד אַן אויסגעוווייקטער
און ווײנט מיט גרויסע ביטערע טרערן
און דרייט אויפצעלאָכעם מיטן עק אויף ניין.

# מיין קאַפּעליוש פאַרטאָג

מיין קאַפּעליוש — ווי ער זעט אוים,
האָט זיך שוין אינגאַנצן מיאש געווען פון דער וועלט.

זיצט אויף א זייט,
אַ צעקנייטשטער,
און שמייכלט שלעפעריק...

קוק איך אויף מיין קאַפּעליוש אין שפּיגל
און גענייץ.
און טראַכט:
אַ נייער פילאָזאָף אויף מיין קאָפּ!

## הייזער

קליינע הייזער, הויכע הייזער —
אַלערליי געשטאַלטן.
אַן אָרים שטיבעלע —
נעבאַך נישט מיט אַלעמען.

אַ הויכער בנין,
אַ צילינדער אויפ׳ן קאָפּ —
אַ גדול ביי די היימען.
האַלט זיך גרויס.

אַ חנ׳עוודיק געביידעלע, —
ווינקט פאַרשייט.
גראָבע טורעמס אַרום איר —
קוקן נאָר אויף איר.

גאַפן הויפן אין אַ קרייז,
אינדערמיט — אַ טיפער טאָל.
דאָ געווען אַ חורבה,
נישט געוואָרן מיטאַמאָל!

לופטיקע געצעלטן,
אויסגעשטעלטע אין אַ ריי. —
אָט אָ באַלד צעפליען אַלע
מיט אַן אויסגעשריי.

אַ מויער אַליין — אַן אַלטער בחור.
לאַכט בייטאָג פון ווייב און קינד.
אָבער אַז סע קומט די נאַכט —
ווערט אים אומעטיק און קאַלט.

אַ ווייסער פּאַלאַץ אויף אַ באַרג — אַ נביא.
און ער ברענט מיט פלאַם און פייער
אויף זיין פינצטער פאָלק אין טאָל,
ווען דער טאָג פאַרגייט.

אַ רויטער ריז — אַ כהן,
זיינע אויגן ברייט און בייז;
דוכנט שטומערהייט:
יברך — כע־כו־הו־הו!

# אַ היטל

אַ היטל זיצט אויפן קאָפּ
און טראַכט פון אויבן אַראָפּ:

צו אַלץ — דאַרף מען מזל,
אפילו צו אַ קאָפּ. —
באַלייטן אַ קאָפּ,
טראַכט אַמאָל אַן איידעלע מחשבה,
אַ ליכטיגן רעיון. —
ממילא שיינט דאָס פּנים,
שיינט דאָס היטל אויך.

מיין, קאָפּ, — צרות.
תמיד — נאָר ער זאָרגט.

איך דערקען זיך קוים אין שפּיגל.
איך האָב שוין באַלד אַ פּנים ווי מיין הער.
איך מיין אַמאָל אין חלום — איך בין ער.
אפילו אויף אַן אמת — זע איך אים אין זיך.
איך — אַ היטל — דאגה גאָר פאַר שיך!

## וואָס פּענים דערציילן

פּענים חבר'ן זיך מערסטנס מיט אָרימע לייט.
מיט בעטלער.
אַהין קומען זיי זיך אָפּטער צונויף.
דאָרט איז זייער קרעטשמע.
מען טרעפט דאָרט אַמאָל גוטע פריינט.

פּנים צו פּנים אַ באַקאַנטע.

אַמאָל אַ קרוב פון דער אייגענער משפּחה.

אַמאָל אַ פּעני פון אַ שרפה.

אַמאָל אַ סענט אַ זקן פון אַ ברונעם אַרויס.

אַמאָל אַ פּעני פון אַמאָל די גרויס אַ דאָלער.

אַמאָל אַ סענט צוריקגעקומען פון יענער וועלט.

ביינאַכט.
ווען דער בעטלער גייט אַהיים,
צערעדן זיך די פּענים אין דער קעשעניע.

אײן פּעני דערצײלט:
אַ קינד האָט מיך געװאָרימט אין זײן מויל,
געװען אַ מחיה.

אַ צװײטע פּעני דערצײלט:
אַמאָל בין איך געלאָפן אין אַ הויז.
איז אַ קאַץ מיר נאָכגעלאָפן.
געמײנט איך בין פון יענע...

האָב איך זיך אַװעקגעלײגט
און געלאָזן זיך באַשמעקן.
האָט זי בײז מיך אָנגעקוקט.

איז זי אָפּגעשפּרונגען
און פון װײטנס מיך געהיט.
איך — ליג...

איז זי צוגעלאָפן
און אַ נים געטאָן אויף מיר.
געװאָלט מיך איבערשרעקן.
איך — ליג...

האָט זי מיך גענומען קיצלען מיט אַ פוס,
האָב איך קלוימערשט זיך געשאַרט פון שרעק —
האָט זיך אויפגעשטעלט בײ איר דער עק.

איר האָט זיך געדאכט,
איך וויין.
איך האָב גאָר געלאכט,
אַ מענטש זאָל מיך דערהערן.

האָט אַ מענטש מיך באַלד דערהערט
און מיך אויפגעהויבן.

אַ דריטע פעני דערציילט:
איין מאָל,
אין אַ קעשענע,
האָב איך מיר דערשראָקן פאַר אַ שליסל.

געמיינט, עס איז אַ זעג...
וויל מיך איבערזעגן...

— האָט ער זיך מיט מיר צערעדט.

ערשט — אַ פיינער שליסל.
ער אַליין האָט מורא פאַר אַ האַק.

אַלע האָבן מורא!

## אַ זייגערל

צוויי ווייזער זיינען געוואָרן שותּפים,
אין אַ קיילעכדיג געשעפט,
פון צוועלף ציפערן,
מיט אַ שויפענסטער פון פאָרנט.

דער לאַנגער שותּף —
רוט נישט קיין מינוט,
האַלט אין איין ציילן
און באַקוקן די סומע:
אָט אָט אָט; אָט האָב איך צען,
טאַקע טאַקע באַלד שוין עלף,
טיק און טיק די גאַנצע צוועלף!

דער קלענערער, דער פעטערער שותּף —
מאַכט זיך ווי ער שלאָפט.
קוקט בגנבה אויפ'ן לאַנגן
און קריכט אים נאָך זייער לאַנגזאַם
און ציילט די ציפערן —
מיט טיפן חשד...

כמעט יעדע שעה,
האָבן זיי אַ מיטינג.

דער לאַנגער —
רוקט זיך אַרויף אויפ'ן קלענערן
און רוימט אים אײַן:
געשעפט — גייט גוט, —
נאָר איך אַרבעט זייער שווער.
אַז דער קלענערער,
ווייל זיך אַ ריר טון,
אים עפּעס זאָגן —
פאַרדרייט דער לאַנגער מיט'ן קאָפּ
אויף ניין
און רוקט זיך פון אים אַוועק: —
נישטאָ וואָס צו הערן.

אונטער'ן גרויסן געשעפט —
איז פאַראַן אַ קליין געשעפטעלע,
אויך פון צוועלף ציפערן,
מיט אַ סוחר'ל — פאַר זיך אַליין...

דאָס קליין ענערגיש סוחר'ל —
איז פּינקטליך צו דער רגע,
און דרייט זיך ווי אַ וועווריקל
אַרום זיין פאַרמעגן,
און זינגט זיך צו,
און זוכט,
און האַלט אין איין נישטערן:
טיו טיו טיו טיו — נאָך, נאָך.

האַלט איך דאָס זייגערל אין האַנט,
און קוק אויף די דריי נאַרישע סוחרים,
וואָס פאַרדרייען זיך די קעפּ,
און די יאָרן,
אַרום געשעפטן —
וואָס ברייננגען גאָר — נישט — אַריין.

# אַ פיינער הימל

די כלה ערד — ליגט צעשפּרייט.

אירע בערגבריסטן — בייִנקען.
אירע ווייסע וואַסערבלוטן — רוישן.

וועלדער וואַרטן אַרום איר — מתנות פאַרן חתן.

איר חתן,
דער הימל איבער איר אין דער הויך —
וויל צו איר אַראָפּ, —
נאָר ער האַלט זיך אָפּ:

ס'איז ניט שיין.
איך וועל וואַרטן
ביז אַלע מענטשן אין דער וועלט
וועלן זיך צעגיין...

# אַ בוימעכע

אַ פאַרביינקטער באַרג
האָט אַריינגעכאַפּט אַ בוימעכע ביז — אין בויך.

שטייט זי אַ דערשראָקענע מיט צעשריגענע הענט
און וויל זיך ראַטעווען אָן הימל.

ליגט דער הימל אָן אומגעלומפּערטער
מיט אַן אויפגעפלאַמטן פּנים,
און ער מיהט זיך כלומערשט מיט אַלע כחות
אַרויסצושלעפּן די אומגליקליכע,
מיט זיינע לאַנגע שטראַלנדיקע הענט...

און ווינקט דערביי צום באַרג מיט אַן׳אויגל...

# אַ פאַרשײטע בוימעכע

אַ נאַקעטע בוימעכע אויף אַ פעלד
שטײט אויסגעבויגן.

אירע הענט — אין דער ברײט.
אירע װײסע, דיקע פיס — צעשפּרײט.
זי װאַרט און ציטערט
אינגאַנצן אַן אויפגעפּראַלטע צום הימל.

אויפ'ן הימל שלעפּט זיך בײז און שװער
אַ—הין, אַ—הער,
אַ ריזיקער װאָלקן, איבער איר...

שטײט נעבן איר אַ פרומער בוים
און גאַפט קוקנדיק פון אַ זײט
דורך זײנע אויפגעשטױנטע פינגער,
און װאַרפט זיך און זידלט איר
מיט אַלערלײ װינטיקע קללות —

פונדעסטװעגן גײט ער נישט אַװעק...

## דער ים פרייט זיך

דער ים ליגט צעשפּרייט
און פּלאַפּלט פון פרייד: —

אַ גאַנצן טאָג —
פארברייננג איך מיט דער זון.
ביינאַכט —
האָב איך די לבנה.
און ביידע באַזונדער דערצייל איך:
נאָר מיט דיר.

— ער מיינט, זיי זיינען נאָר מיט אים...

## דער ים שפּילט זיך מיט דער לבנה

און אָטעמט מיד — און אָטעמט מילד:
האָ האָ האָ. — האָ האָ האָ.
און וואָיעט: ווײ! — ווײ! ווײ!
און ווערט זיך וואויל — און וועהרט־זיך ווייך —
און וואַרפט זיך ווייט —
אין אירע הענט — לבנה׳ס הענט —
די ליכטיקע — די לופטיקע — די לויפּיקע...
און באַרגט זיין בויך — זיין באַנגן בויך —
בלייך און בלינד — צו איר אַרויף.
און טאָלט אים טיף — מיט טיפן טעם,
צום טיפן תהום — מיט אירע הענט...
און ווײנט אין זיי — און ווײנט זיין ווײ —
דעם ימיקן, דעם תהומיקן—דעם רוימיקן—דעם שוימיקן...
און רעוועט רייד —
רויע רייד —
ווילדע רייד —
ווילדערהייט...

## דער ים בײנקט

דעם ים בלאָנזשעט אום
אין די פֿינצטערע נעכט,
און שלאָגט זיך אַליין
פֿאַר רחמנות אויף זיך.

און הויבט זײַנע הענט
אין דער לײַנג, אין דער ברייט,
און טענה'ט און בעט
אין טויב-בלינדע לעער.

## צוויי פּאַפּירן האָבן אַ ראַנדעוואו

אַ ווינט האָט זיך דערשראָקן פאַר אַ ווייסן פּאַפּיר —
אין אַ פינצטערע נאַכט;

לויפן זיינע צעשפּרייטע פיס
און שפּרינגען איבער די גאַסן,
און די פּלייצע צאַפּלט זיך
פאַר דעם פּאַפּירענעם ליץ
וואָס יאָגט זיך הינטער אים
און וועט אים באַלד געבן
אַ — — — — כאַפּ!...

ליגט אַ יונגע פּאַפּירעכע הינטער אַ פּלויט
און גלעט זיך שטייף מיט אירע ברעגן
און צי—י—י—י—טערט
און דרייט זיך פון בייקשאַפט.

יאָגט זיך אָן דער פּאַפּיר אויף איר
און שורשעט איר אַריין:
ששש!... שאַ, שאַ, שאַ!
שעהן, שעהן!...
ששש! ששש! און ער זוכט זיך מיט איר צו באַהאַלטן.

און דער נאַרישער ווינט יאָגט זיך נאָך אַלץ און שרייט
און קלאַפּט אין די פינצטערע פענצטער
און האָט זיך מורא אומצוקוקן...

## אַ טאָל שלינגט

אַ גראָבע כמאַרע האָט זיך אָנגעבויגן
און רעגנט גרויע מילך אַרוים
פון אירע שווערע בריסט...

ליגט צעלייגט אַ גרויסער טאָל
און שלינגט...

# אַ פּאַפּירענער אָדלער

— פֿאַרנאַכט
האָט דאָס מיידל זיך פֿאַרביינקט.

האָבן אירע אומרואיקע פֿינגער
אָנגעכאַפּט אַ ווייסן שטיק פּאַפּיר אויפֿ'ן טיש
און אים צעקנייטשט.

ליגט דער פּאַפּירענער אָדלער מיט צעבראָכענע פֿליגל
פֿאַר דער קני פֿון אַ בוים.
און דער בוים,
און דער אָדלער,
קענען זיך ניט רירן אין דעם שטילן פֿאַרנאַכט.

קוקט דאָס מיידל פֿון פֿענצטער,
און בייַנקט.

שטייט דער בוים מיט אויסגעצויגענע הענט צום הימל,
און בייַנקט.

און דער פּאַפּירענער אָדלער מיט צעבראָכענע פֿליגל,
קילט זיין בויך אויף דער אומעטיקער ערד.

— ער בייַנקט שוין אויך...

# אַ פֿאַרהייראַטער קנעפּל

אַ קנעפּל טראַכט:
אַרום און אַרום איז קיינעם נישט גוט.

לעב אַליין,
אָדער:
צוגעבונדן.

אַליין —
איז אומעדיק.
אַלעמאָל די זעלבע סחורה —
לאַנגווייליק.

שוין בעסער אומעדיק.

נישטאָ קיין מוט זיך אָפּצורייסן.
איכ׳ל נאָך אַמאָל —
פּרובירן...

# אַ לויה ביי בוימער

(ביינאַכט אין פעלד).

בוימער —
געשטאַלטן,
ציטערן.

איינער ליגט שוין.

דריי אַלטע.
איינגעבויגענע.
מיט לאַנגע צעפּ אַראָפּ.

אַן אָפּגעזונדערטער.
אַ דערשראָקענער.
איינער אַליין אויף אַ בארג.

אַ סך מיט אַמאָל.
אין אַ טאָל.
אין געהיים.

צוויי.
אַ יונגס נעבן זיי.
אין אַ ריי.

א הויכער.
מיט הענט אין געבעט.
ביים וועג.

וואַסערן — לויפן.
שרייען:
שוין. שוין...

ווינטן — ווייסן.
וויינען:
ווי...

אינדערהויך — אַ קיילעכדיקע ליכטיקייט.
קוקט אַהער.
שווייגט.
טראָגט זיך אָפּ.

בוימער.
וואַסערן.
לבנה.
ווינטן.
אַלע קרובים.
וועלטס משפּחה.

# אַ קראַנץ

פאַרנאַכט.
אַ ווינט.
אַ הויז.
אַ בוים.

האָט דער בוים נאָר איין האַנט —
איז זי אויסגעצויגן צום הימל.

אויף דער האַנט —
אַ קראַנץ —
נאָך אַ טויטן...

דער שאָטן פון בוים וויגט זיך אום אויף די טרעפּ,
וויגט זיך אום אויף די טרעפּ,
און פרעגט מיט דער האַנט שטומערהייט :
איר געדיינקט ?...

איר געדיינקט ?...

## אַ שטרוי

אַ שטרוי האָט זיך אָנגעצונדן —
האָט איר אויבערשטער ברעג זיך באַלד דערפילט,
און זיך אויפגעכאַפּט אַ צערודערטער.
ווען די ערשט-געבאָרענע רויכן
האָבן דערשראָקענע פון געפאַר
זיך געשפּאַרט אין דער וועלט אַריין —
האָט דער ברענענדער טייל
זיך צוגעיאָגט נאָך הילף צום בויך.
דער בויך איז שוין געווען פאַרזונקען
אין אַ פייערדיקן קראַמף.
האָט דער פאַר'שרפה'טער טייל
אַלס אַ שטויבנזייל
טויטערהייט זיך אויפגעהויבן,
אַ לויכט געטאָן פאַר די פלאַמען,
און צעפאַלן אויף פּראָך.
דער אויבערשטער ברעג
האָט זיך געקניט, געבעטן,
און געשווידערט קוקנדיק אויפ'ן חורבן
וואָס די קלעטערנדיקע פייערן
לאָזן אונטער זיך.
די שטרוי האָט געשטאַמלט פאַרפּלאָנטערטע רייד
און האָט זיך אָפּגעקערט פון מיינע בליקן
אין איר לעצטן ציטער...

## אַ פּאָדים

אַ פּאָדים, לאַנג ווי אַ שלענגעלע,
האָט זיך אַרומגעכאַפּט בייביידע עקן.
און ווי אַ רעדעלע געלאָפן
איבער דער לענג אויפ׳ן טראָטואַר
אין שרעק פון אַ שטורם...

האָט זיך צעעפנט אַ פענסטער אין אַ נאָענטע הויז,
און פון אַן אויסגעשטרעקטע האַנט
האָט זיך אַ טייכעלע אַרויסגעכאַפּט פון אַ שיסל,
און האָט זיך באַהאַלטן אין אַ ווינקעלע
הינטער׳ן טראָטואַר.
און אָפּגעוואַרט דאָס רעדעלע...

ווען דאָס רעדעלע האָט זיך געאיילט אַראָפּצושפּרינגען
פונ׳ם טראָטואַר אויף דער ערד,
האָט עס דערזען דעם „ים“...
נאָר ס׳איז שוין געווען צו שפּעט.

דאָס רעדעלע איז אַריינגעפאַלן מיט אַ געשריי,
און דער „ים“ האָט זיך געלאָזט קיצלען
פון דעם אומרואיגן רעדעלע
אויף זיין נאַקעטן לייב...

און פאַר דער גאַנצער וועלט אין די אויגן,
האָט דאָס קיילעכדיקע נפש׳ל
אַ לעצטן ציטער געטאָן
און זיך אויסגעצויגן...

דאָס מאָגערע טייכעלע
איז געבליבן ווי פאַרגליווערט,
האָט געקוקט אויפ׳ן מת,
און זיך פאַרטראַכט...

איז אָנגעלאָפן אַ שטאַרקער שטורם
און האָט גענומען טראָגן אויף זיינע אַקסל
דאָס טייכעלע מיט׳ן מת איבער דער שטאָט,
צו זיין אייביקער רו...

האָבן זיך פון אַלע זייטן אַ יאָג געטאָן
שטויבעלאך,
שטיקעלאך פּאַפּיר,
ברעקעלאך קאַרדאָן,
פּיצעלאך האָלץ,
אַ האָרעלע פון וואַטע,
שוועבעלאך מיט פאַררויכערטע קעפּעלאך —
די שכנים און קרובים פונ׳ם מת
צו דער לויה.

האָט זיך מיט אַ ווילדן אימפּעט
אַרויסגעכאַפּט אַ אידישע צייטונג דורך אַן אָפענענע טיר —
און איז געלאָפן פאַראוים דער לויה און געשריגן:
„צעדעק לעפונאָוו יעהאַלעך!...״

זיינען אַלע הייזער בלאַס געוואָרן פון שרעק,
און האָבן גענומען ציטערן
מיט זייערע גרויסע גלעזערנע ציין...

און אַז מענטשן האָבן דערזען
די שטורמדיקע לויה
פון דער טויטער וועלט —:
האָבן זיי איינגענורעט זייערע העלזער
און זיינען זיך צעלאָפן.

# אַ ווינט

אַ ווינט האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין מיין צימער
און גענומען זיך זוכן אין שפּיגל, — — — — —
האָט ער זיך ניט אָפּגעשפּיגלט.
האָט ער אויפגעהויבן אַ פּאַפּיר
און אַריינגעשריגן אין שפּיגל:
איך! ווינט! בין דאָ! —
צוויי פּאַפּירן האָבן געטאַנצט אַ פריילאַכס,
דער ווינט האָט געציטערט איינער אַליין.
האָט ער צוגעצויגן אַביסל רויך פון מיין סיגאַרעט
און אַ שליידער געטאָן אויפ'ן שפּיגל, —
צוויי אַלצאיינע רויכעלאַך —
האָבן זיך באַגריסט,
האָבן זיך געזעגענט,
האָבן זיך נאָכגעקוקט,
האָבן זיך נאָכגעקרימט,
און ניט געוואָרן.
דער ווינט האָט געציטערט איינער אַליין.
האָט ער מיך אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ
און אַריינגעוויינט אין מיינע אויערן:
איך בין אַ פאַרלוירענער!
שפּיגל מיך אָפּ!

# אַ פֿאָנטאַן

אַ שיינע מאַרמאָרנע מויד
טאַנצט אויף אַ גאָלדענער טאַץ
אין אַ פּאַרק,
אין אַ זוניקן טאָג,
און שפּריצט פֿון אירע בריסטן צו דער הויך.
פֿאַלן בריליאַנטן אַראָפּ.
כאַפּן אירע הענט די בריליאַנטן
און וואַרפֿן דיאַמאַנטן אַרויף.

קומט אַ דורשטיקער בחור — און דערזעט די מויד.
ווערן זיינע אויגן גרויס.
שטרעקט ער אויס זיינע ליפּן און טרינקט.

יאָגט זיך אָן דער ווינט — דער מיידלס חתן.
רייסט ער דעם בחור ביי די פּאָלעס,
ביי די האָר פֿון קאָפּ,
שלעפּט אים אַוועק
און זידלט אים אין די אויערן אַריין.

ווערט דער בחור בייז און וויל זיך וועהרן.
פאַרכאַפּט דער ווינט און וואַרפט אים אום,
און פּאַטשט אים אין מויל אַריין.

טוט זיך דער בחור אַ דריי אַרויס פונ׳ם ווינט
און שרייט מיט די פיס אויפ׳ן שטיינערנעם וועג.
יאָגט זיך דער ווינט נאָך אים
און שרייט נאָך העכער.

כאַפּט זיך דער בחור אַריין אין אַ הויז
און פאַרשפּאַרט די טיר.

לויפט דער ווינט אַרויף אויפ׳ן דאַך
און שרייט צו אים אַראָפּ.
שפּרינגט אַראָפּ
און שרייט צו אים אַרויף.
וויכערט זיך פון צאָרן
אַזש די שויבן ציטערן.

(וויגט זיך דער בחור אויף אַ שטול און שמייכלט).

לויפט דער ווינט איבער דער שטאָט
מיט וויינענדיקע קולות צום הימל:
העלפט מיר! העלפט מיר!

יאָגט זיך אַן אויפ׳ן הימל אַ בייזער פאַרוואָלקנטער גענעראַל
אויף אַן אימפּעטיקן פערד
און שרייט מיט אַ דונערדיקן קול:
אַ—פּי—צי—רען!

קומען אָן פון ווייטע הימל-לאַגערן פאַרוואָלקנטע באַאמטע
און באַאמטעלאך אין גרויסע היטלען
אַרום דעם גראָבן גענעראַל.
שמועסן אָפּ אויף גיך:
מלחמה! —
און צעיאָגן זיך.
און ווייט איבערן הימל צעטראָגן זיך די דונערדיקע קולות:
אַר—מיי—ען!
אַר—מיי—ע—ע—ע—
און די גאַנצע שטאָט ווערט באַלאַגערט
פון רעגנדיקע דראַגונער
מיט האָגל-גראַנאַטן אין זייערע הענט.

דער בחור ציט אַרונטער דעם פאָרהאַנג איבער׳ן פענצטער.

לויפט דער ווינט פון גאַס צו גאַס,
פון הויז צו הויז,
מיט די לאַנגע דראַגונער
און דערקענט ניט דאָס הויז...

וויינט דער ווינט אַרויף:
בליצנליכט!

כאַפּט עס אויף דער גראָבער גענעראַל
אויף זיין אימפּעטיקן פערד
און דונערט אין אַלע הימל-לאַגערן:
בלי — צע — לי — — !

לויפט דער ווינט פון הויז צו הויז
מיט בליצנליכט אין זיינע הענט
און צינדט זיי פאַר די פענצטער,
צינדט זיי פאַר די פענצטער,
און דערקענט דאָס הויז,
נאָר דעם בחור זעט ער ניט.

(דער בחור שלאָפט אונטער דער קאָלדרע).

לויפט דער ווינט און וויינט אַרויף:
פאַרברענען די גאַנצע שטאָט!
פאַרברענען די גאַנצע שטאָט!

כאַפּט עס אויף דער גראָבער גענעראַל
אויף זיין אימפּעטיקן פערד
און הילכט:

פאַר — ברע — — — — !

— — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — —

קומט אַרוים די זון
און שטורכעט שטיפעריש די צעטראָגענע באַאַמטע
און דעם גראָבן גענעראַל אויבנאָן —
מיט לאַנגע שטראַלן פון אירע אויגנבליקן...

דערשרעקן זיי זיך און ווערן ווײַס ווי שניי...

פאַרשעמט זיך דער ווינט
און פאַרשלעפּט זיך קוים מיט'ן לעבן צו זיין כלה —
דעם פאַנטאַן,
און פאַלט אַוועק פאַר אירע פיס.

ציט די זון פאַנאַנדער איבערן גאַנצן הימל אַ ליכטיקע פאָן—
דעם רעגנבויגן :
שלום !

אַן אויוון.

אין אויוון ברענט אַ פייער.

אויפ׳ן אויוון —

אַ טשאַיניק,

אַ סקאָווערדע.

אַ קליין טעפּעלע,

אַ גרויסער טאָפּ.

נאָך אַ גרויסער טאָפּ. —

די גדולי הדור פון דער טעפּישער משפּחה.

## איין טאָפּ זידט.

סוף.

הו סאַ סו סאַ !
הו סאַ סו סאַ !

וואַסערן האָבן דערפילט אַז זיי לעבן —
ווילן זיי.
יעדע כוואַליע וויל דעם טאָפּ פאַר זיך אַליין —
אַ געיעג.

כוואַליעס יאָגן זיך איינע געגן די אַנדערע.

איינע די אנדערע ווילן זיך נישט נאָכגעבן —
אַ געשלעג.

מען לויפט און מען קלערט נישט וואַס ס'עט זיין.
אַלע זיינען זיכער מיט'ן זיג.

די שלאַכט איז אין טאָל.

צוטומלטע פּאַסאָליעס לויפן אַרום
און קענען זיך קיין אָרט ניט געפינען.

אַ פּאַסאָליע מיט צעכראַסטעטע פּאָלעס
יאָגט זיך באַרג־אַרויף
און וויל זיך אַרויסכאַפּן פון טאָפּ —
פאַרכאַפּט דער באַרג און זעצט זיך:
אַראָפּ אין טאָל אַריין, פּאַסאָליע.

אַ פּאַסאָליע גראָבט זיך טיף אין טאָל —
אפשר קען מען פון דאָרטן אַרויס.

אַ גראָבער באָב באַהאַלט זיך שטילערהייט
הינטער צוויי פּאַסאָלקעלאך —
אַ כוואַליע יאָגט זיך אָן פון הינטן
און שלעפּט איהם צום פּראָנט:
אין קריג איז ניטאָ קיין מיוחסים!

דריי פּאַסאָליעס סוד'ען זיך:
געפערליכע כוואַליעס!
און צעלויפן זיך פון שרעק.

אַן אַלטע פּאַסאָליע צאַפּלט זיך:
אַ! אַ רגע רו! —
מען לאָזט נישט.
נישטאָ קײן רו אין טאָפּ.

צװײ פּאַסאָליעס פון אײן שױט — דערקענען זיך:
אױ!
און שװידערן צוזאַמען.

עטליכע פּאַסאָליעס יאָגן זיך באַרג אַראָפּ
און שרײען: ס'איז שלעכט!

אַ פּאַסאָליע שאָקלט זיך פרום
און זאָגט אָפּ װידוי —
װי אַ זאַך מאַכט זיך.

אַ שװאַרצע פּאַסאָליע לױפט אַרום
און האָט צו אַלעמען טענות:
איך בין פון אַנאַנדער ראַסע!
װאו איז יושר? —
װײסע פּאַסאָליעס אַנטלױפן פון איר:
לאָז צורו!

א פּאַסאַליע טרייסלט זיך אויף א כוואַליע
און חנפ׳עט זיך צו איר:
איר זענט די גרעסטע כוואַליע אין טאָפּ! —
די כוואַליע טוט איר אַ טובה
און טרייסלט איר אָפּ אַן אַ זייט.
אַן אַנדער כוואַליע יאָגט זיך אָן:
אַ פּאַסאַליע אין אַ זייט? —
און קאַכט איר אָפּ אויפ׳ן אָרט.

פיר פּאַסאַליעס כאַפּן אַ שמועס אויף גיך:
ווער האָט אונז אַהער אריינגעוואָרפן? —
אַ גלויביגע פּאַסאַליע טוט זיך אַ הויב
און ווייזט זיי אָן:
אַ האַנט פון אויבן...

אַן איידעלע פּאַסאַליע בעט זיך ביי אַ כוואַליע:
זאָל שוין זיין שלום! —
די כוואַליע טוט זיך אַ ריס
און צערייסט איר אויף צוויי:
אָט — האָסטו — שלום.

אַ פּאַסאָליע האָט פאַרלאָרן דעם זכרון.

צוויי פּאַסאָליעס שלאָגן זיך פון היץ.

אַ פּאַסאָליע איז משוגע געוואָרן און טאַנצט אין טאָל.

אַ שוואַכע פּאַסאָליע האַקט זיך אָן טאָפּ,
זי וויל זיך אַליין דער׳הרג׳ענען —
אַ שטאַרקע פּאַסאָליע שפּאַרט איר אַוועק:
מ׳טאָר נישט אַליין!

אַ קליין פּאַסאָלקעלע פּלאַצט —
אַ גרויסע פּאַסאָליע לויפט און ליאַרמט:
מיין פּאַסאָלקעלע! ווייי דער מאַמען!

צוויי האַלבע פּאַסאָליעס זוכן זיך אַרום.

אַ פּאַסאָליע לויפט אַרום אָן אַ קאָפּ
און וויל זיך נאָך ראַטעווען.

אַ נאַקעטע פּאַסאָליע ציטערט.

שטיקער ציבעלעס וואַרפן זיך —
אָבער עס אַרט זיי נישט!
שוין נאָך אַלעמען.

אַ בלאַסער פּאַסטערנאַק קען עס נישט צוזען
און אַנטלויפט —
א רויטער מייער לויפט אים נאָך
און קלאַפּט אים אויפ'ן עק:
מלחמה איז מלחמה!

אַ לאַנגער לאָקש כאַפּט זיך אַרויף,
אַ קוק טאָן וואָס סע הערט זיך —
אָ! ס'איז נאָך ערגער! —
אַראָפּ צוריק.

אַ כמאַרע פון פּאַרע זעצט אַרויס פון טאָפּ,
און מ'זעט נישט מער וואָס סע טוט זיך דאָרט.

דער טאָפּ, דער טאָפּ, דער טאָפּ:
האָפּ! האָפּ!

הו סאַ סו סאַ!
הו סאַ סו סאַ!
וואָס הויבט מען אָן צו טאָן,
וואָס, וואָס, וואָס, וואָס.

גוואַלד וועל איך שרייען!
וואָס — נאָך — וויל מען האָבן פון מיר!

הו סאַ סו סאַ!
הו סאַ סו סאַ!
ער ציטערט, ער ציטערט —
ער זאָל אַמאָל נישט פּלאַצן.

הו! סו סו סו!
הו! סו סו סו!
ער בעט זיך.
ער בעט זיך.
טוט מיר אַ טובה.

ער איז שוין אויסער זיך.
ער איז שוין איבער זיך.
ער איז שוין מער וויפיל ער קען אין זיך אַריינעמען —
סו — סו — סו —

סוף!!

## אַ צווייטער טאָפּזידט.

באָרשט.

אָ, באָי. אָ, באָי. אָ, באָי. אָ, באָי.

ער קרעכצט.
ער זיפּצט:
באָ, באָ, באָ, באָ, באָ־באָ־באָ־באָ.

שוין. שוין. שוין. שוין.
נאָך. נאָך. נאָך. נאָך.

ער ווייסט נישט וואָס ער רעדט.
ער איז צומישט.
ער רעדט פון היץ.

באָ באָ באָ באָ באָ באָ באָ

באָרשט!!

## אַ קליין טעפּעלע פּראַזשעט זיך.

צימעס.

אַן אייניקל פון די גרויסע טעפּ.

טעפּעלע האָט נחת פון זיך אַליין.
ס'איז קליין — און סע וויל נישט זיין גרויס.
צו וואָס זיין גרויס —
די גרויסע קאָכן זיך נאָך מער.

די וואַסערלאך ווערטלען זיך אין טעפּעלע —
אָבער בלויז צווישן זיך.
אַ וואָרט אַהער,
אַ וואָרט אַהין —
אַ שטויס אַהער,
אַ שטויס אַהין —
עס קומט נישט צו קיין קריג.

דאָס פלוימענפאָלק איז געגן מלחמה.
זיי פילן זיך שווער אין געמיט —
זיינען זיי מיד.

זיי ליגן איינגעלייגט
און ווילן זיך נישט רירן פון די ערטער.
אַז מען קען זיך נישט העלפן — ליגט מען איינגעלייגט.
אַריינגעפאַלן — פאַרפאַלן.

צו וואָס זיך ווארפן ?
צו וואָס זיך שלאָגן ? —
מיר קאָכן זיך ליגענדיק אויך.
מיר'ן פאַרטיק ווערן סאַי־ווי־סאַי...

גענוג צרות אָן מלחמות. —
פילאָזאָפישע פלוימען.

די וואַסערלאך קענען זייערע פלוימען
און שלאָגן זיך אליין.

טעפּעלע פּראַזשעט זיך.

טעפּעלע קליין — רעדט צו זיך אַליין.
שטילערהייט:
צים,
צים, צים,
בצימצים...

צים,
צים, צים,
בצימצים...

צימעם...

## אַ סקאָווערדע פרעגלט זיך.

אַ סטויק.

סקאָווערדע ליגט מיט דער פּלייצע צום פייער.

פייער פיבערט.
פייער פלאַטערט.
פייער טוליעט זיך צו דער סקאָווערדע און גלעט איר:
פיין, פיין.
פיין, פיין.

ווייסט, סקאָווערדע, איך האָב דיך ליב!
נאָר — דיך — ליב.
איך וויל דיך אויפעסן פון ליבשאַפט.
גרויסע האָפנונג מיינע!

סקאָווערדע איז אָנגערעגט פון פייער'ס ווילן
און פרעגלט זיך פון פרייד;
איסטא טאַ, טאַ,
איסטא טאַ, טאַ,
טאַ, טאַ, טאַ, טאַ:
גלעט מיך,
גלעט מיך, פייער.
עס מיך אויף.
שלינג מיך איין.
איך בין דיין.

אינגאַנצן דיך.
נאָר — דיך.
איסטא טאַ, טאַ,
איסטא טאַ, טאַ:

אַ־יאָ פּייערל ביזט מיר געטריי?
אַ־יאָ פּייערל איך בין דיין?

פּייער צעברענט זיך:
סקאָווערדע! ביזט קאַלט קעגן מיר!
צינד זיך אָן!
ברען אַזוי ווי איך!
מיטאַמאָל!
דו זעהסט?

סקאָווערדע איז הייס,
אָבער זי קען נישט ברענען מיט אַמאָל.
זי — צעברענט צוביסעלאך.

פּייער טוט זיך אַ כאַפּ אַריבער אויף דער סקאָווערדע
און צעפלאַקערט זיך מיטאַמאָל איבער איר:
סקאָווערדע! סקאָווערדע! סקאָ! אָ, אָ!!!

סקאָווערדע איז צעהיצט:
איסטאָ! — סטיי! סטיי! סטיי!

סטייק!!

## אַ טשייניק קאָכט.

טיי.

פייער שפּאַרט דעם טשייניק אַרויף.
דעקל קלאַפּט דעם טשייניק אַראָפּ.

טשייניק'ן איז גוט פוןביידע זייטן.

אָבער דעם דעקל איז בעסער;
קוים מיט אַמאָל זיך דערוואַרט.
קוים מיט אַמאָל דערלעבט צו לעבן.

דעקל טאַנצט:
היטא, טי טאַ, טי טאַ, טי טאַ,
א! אַ מחיה צו לעבן!

דעקל לעבט אַן אויסערגעוויינלאך לעבן —
טאַנצן אָדער שלאָפן.

איצטער טאַנצט ער:
היטא, טי טאַ, טי טאַ, טי טאַ,
אָט דאָס הייסט געלעבט!

טשייניק האַלט דעם דעקל ביי די אויערן —
דעקל קען נאָך אַוועקלויפן.

טשייניק וויל נישט בלייבן אַליין.
אין צווייען איז פריילאכער.

א לוסטיק פּאָרל.

טשייניק הויבט זיך און זינגט מיט אַ קוויטש
און דעקל טאַנצט אים אויפ׳ן קאָפּ:
היטא, טי טאַ, טי טאַ, טי טאַ,
היטא, טיטאַ,

ט י י ! !

דאָס לעבן פון געלט.

וואָס מטבעות ווילן.

ווען געלטן פרייען זיך.

וואָס מטבעות טראַכטן וועגן סוף.

פאַלשע געלטן.

פּענים.

ביקלס און דאַימס.

קוואָדערס, האַלבע דאָלערס, דאָלערס.

פּאַפּיר געלט.

גאָלדענע געלטן.

טשעקס.

פאַלשע טשעקס.

## דאָס לעבן פון געלט.

אַ קיילעכדיג פאָלק.
זיי גייען נישט אַליין —
מען טראָגט זיי אויף די הענט.

פון האַנט צו האַנט —
באַרייזן זיי אַ וועלט.
אין נאָמען פון דער גאַנצער מדינה.

זייער טאַטע — דאָס לאַנד.
איר זעט דאָס פנים?
נעמט מיך!

ביי זיי איז ניטאָ קיין ליגנער.
אַלע מאָל דעם אמת אויפ׳ן הארצן.

דאָן בין איך געבוירן.
דאָס בין איך ווערט.
נאָר — דעם אמת.

אַ גלאַטע מטבע —
איז נאָר צום באַדויערן.
אָפּגעלעבט.

## וואָס מטבעות ווילן.

נאָר — גלעט זיי.
נאָר — באַטראַכט זיי.
דאָס איז זייער לעבן.

גלעטנדיק — ווערן זיי פאַרצערט. —
אָבער גוט.
לוסט איז פאַרלוסט. —
פאַרפאַלן.

בטבע איז זיי קאַלט. —
זיי האַלטן זיך אין קעשענעס,
אין טייסטערס,
אין קאַסטנס,
אַבי נישט אויף דער ערד.

ערד — שרעקט זיי.
דאָרטן — גלעט מען נישט.
דאָרטן — רייזט מען נישט אַרום.
אייביק — זשאַווער.

אַ מטבע פאַלט אַראָפּ
און מען זעט איר נישט אויפצוהויבן —
פילט זי זיך פאַרלוירן.
דערנידעריגט.

ווען מען זוכט איר מיט אַ בעזים —
וואַרפט זי זיך און שרייט:
אָט בין איך דאָך, אָ!
וואָס איז דער מער מיט אייך?

אַ קאָרטנשפּילער — האָבן זיי פיינט.
דער בעסטער מענטש איז שלעכט ביי קאָרטן.
אַ שלעפּ — און באַלד אַ שליידער.
ווידער אַ שלעפּ און ווידער אַ שליידער.
אַזאַ — ליבע — איז שווידערלאך.

דער הערלאַכסטער מענטש — איז אַן אַרבעטער.
ער — פאַרדינט זיי אָרנטלאך.
זיי דערקענען אין די הענט —
אויסגעאַרבעטע...

אַז געלט דערזעט אַ מטבע פון אַן אַנדער לאַנד —
טראַכטן זיי:
אויך מיר געלט!
ס'האָט מיר אַפּנים פון חוזק...

## ווען געלטן פרייען זיך.

זייער גרעסטע פרייד —
ווען א האַנט צערעדלט זיי. —
אויף האָלץ,
אויף אייזן,
אויף גלאָז.

אויף גלאָז — טאַנצן זיי אויסערגעוויינלאך.
גלאָז איז זייער אָרגיע.
זייער וואַקכאַנאַליע.

זיי ווילן ווערן מער ווי זיי זיינען.
זיי ווערן באַרוישט פון אייגענעם גערויש
און מיינען זיי פליען
ביז ביז ביזזזז —
זיי פאַלן אוועק
פאַרשעמט פאַרן אייגענעם שאָטן...

## וואָס מטבעות טראַכטן וועגן סוף.

זייער גרעסטער זאָרג —
דער סוף.

גאָר קיין אַלטע געלטן זעט מען נישט.
אזוי ווי נישט געווען!
וואו זיינען זיי?

## מאַנכע מיינען אַזוי.

מאַנכע מטבעות מיינען:
אַ—לע געלטן זיינען דאָ...
ערשט נאָכ'ן סוף —
ווען מען ווערט נישט —
ווערט מען דאָרטן — אויסגעשמעלצט אויפס־ניי...
יעדע מטבע —
קומט צוריק אין זעלבן געשטאַלט.
אין זעלבן ווערט.
נאָר ניי.
בלויז די יאָרן העכערט מען אויף זיי.
דערנאָכדעם —
ווידער אַהין.
אַזוי כסדר.
אַהין און צוריק.
נישטאָ קיין סוף.

## אַנדערע מיינען פאַרקערט.

אַנדערע מיינען פאַרקערט:
ווער געמינערט, ווער געמערט. —
אַ דאַים טראָגט זיך אָפּ,
און קומט צוריק אַ קוואָדער.
אַ דאָלער קאָכט זיך דאָרטן אויס,
און קומט אַרויס אַ האַלבער בלויז.

## אנדערע מיינען אנדערש.

א ניקל —
ווערט אַמאָל מגולגל אין אַ לעפל.
אַ פעני —
אַ פויסט אין אַ בראָנזענער סטאַטוע.

— — — — — — — — — — — — — — — —

ווער קען וויסן וואָס מיר זיינען שוין געווען אַמאָל.
גאָט — פון די געלטן —
איז אומגעהייער גרוים און קיילעכדיק.
ער —
דרייט אַלץ...

אָבער דאָס זיינען אַלץ סברות.
פון דאָרטן — האָט נאָך קיינער נישט דערציילט.
מען ווייסט אפילו נישט פון וועלכן דאָרטן...

## פאלשע געלטן.

פנימ'ער.
פונקט ווי אמת'ע...
נאָר עפּעס פעלט זיי.
אַלע מאָל אַביסעלע בלאַס.
זיי לעבן כסדר אין שרעק...

א ריכטיקע מטבע — דערשפּירט אזעלכע —
פאַרטראַכט זי זיך מיט מורא:
א נאָכגעמאַכט געשטאַלט.

אפשר „א נישט גוטער" פון די אַלטע געלטן?

געקומען חוזק'ן פון אונז:
געלט.
פינגער גלעט.
א טאַנץ אין קעשענע.
א שפּרונג אין קאַסטן.

קופּער-קלאַנג.
ניקל-קלאַנג.
זילבער-קלאַנג.
גאָלדן-קלאַנג.

וואַנדל איין.
וואַנדל אויס.
מיט אַמאָל ארויס.
אויס.

אפשר א גלגול פון פאַרלוירענע מטבעות?
געקומען מאָנען לעבן.
— גלגול!
גיי צוריק!
דו ביזט פאַלש!

ווען אַ מבין פּאַקט אַ פאַלשע מטבע
און נעמט איר אויף פאַרהער —
איז זי זיך מודה
און זאָגט אָפּ ודוי:

אמת.
אָבער איך בין נישט שולדיק.
אַזוי מיך אַרויסגעשיקט.
מיך נישט געפרעגט.

פאַר אייך קלינג איך פאַלש.
פאַר מיר אַליין — נישט.

איך — בין איך.
איהר הערט? —
איך...

צעברעכט מיר נישט מיין לעבן.
איך — בעט אייך.

מאַכט זיך נישט ווייסנדיק.
אייך האָט מען אָפּגענאַרט —
נאַרט אָפּ אַן אַנדערן.
לאָזט מיך זיין.

## פענים.

די אַרימסטע זענען די פענים.
דער פינצטערער המון פון די געלטן.
אָן אַ שיר זענען זיי פאַראַן.
אָבער מיט זיי רעכנט מען זיך ווייניק.
מען נעמט זיי נישט ערנסט.

די נייע פענים — זיינען פול מיט חוצפה.
גלאַנצן מורא׳דיק.
גאַרנישט נאָך זייער ווערט.
ווי—קומען—זיי—צו קופּער.
ניקל — ווייס איך וואָס.
זילבער — איז בלעך קעגן זיי.
גאָלד — האָט זיי — נאָכגעמאַכט.

אָבער די אַלטע פענים האָבן אַ טרייסט.
די נייע וועלן אויך ווערן אַלט.

אַמאָל אַליין אַזוי געווען.
אויך אַזוי געמיינט.
אַזוי איז דאָס שוין :

אין דער יוגנט — גלאַנצט מען.
אויף דער עלטער — ווערט מען פאַרשוואַרצט.

## ניקלס און דאימס.

דאָס פאָלק.
די דאימס זיינען זייער עניוות'דיג ביי זיך. —
נאָך קלענער פון אַ פעני.
מיט וואָס זיך האַלטן גרויס?
אינגאַנצן צען סענט.

אָבער די געמיינע ניקלס —
זיינען גראָב צו פאַרשטיין זייער אייגענע אָרימקייט.
און האַלטן זיך נאָך גרעסער פון די דאימס.

## קוואָדערס, האַלבע דאָלערס, דאָלערס.

מיטל־קלאַס.

איינער גרעסער פאַר׳ן אַנדערן.

דאָלער איז דער גרעסטער.
דער רייכסטער באַלעבאָס.
ער איז הונדערט פּראָצענט זיכער מיט זיך.

אין געזעלשאַפט פון דריי קוואָדערס —
טראַכט דער דאָלער:
איך — איינער — אַליין —
בין רייכער פון אייך אַלע דריי צוזאַמענגערעכנט.

אַז ניין־און־ניינציק פּענים יאָגן זיך צוזאַמען —
שטוינט דער דאָלער:
הער נאָר ווי זיי מאַכן דאָס אַ טומל!
אָט בין איך מער פון אייך אַלע —
פונדעסטוועגן — האַלט איך מיך באַשיידן...

## פאַפּיר געלט

אינטעליגענץ.

פיזיש — שוואַך.
ביי זיי איז נאָר דאָס וואָרט.
דער פאַרנעם.
די פאַנטאַזיע.

זייער לעבן איז אַלע מאָל אין געפאַר —
איבער זייער איידלקייט.
קוים אַ פּייערל — צינדט זיי אָן.
אַ ליאַדע ווינטעלע — ציטערן זיי.
דער מינדסטער דרוק — מאַכט אויף זיי אַן איינדרוק.
זייער עמפּינדליך.

אַלע — גרויס ביי זיך.
אַ פינפער —
גלייך מיט אַ פּופּציקער.
אַ דאָלער —
נישט קלענער פון אַ הונדערטער.
זיי מיינען מסתמא אָפּצונאַרן,
אָבער זיי נאַרן נישט אָפּ.
מען נעמט נישט קיין דאָלאר —
אפילו פאַר אַ צווייער.
מען זעט שוין ווער איז ווער...

די רייכע פאַפּירן — לעבן לייַנגער.
די אָרימע — מאַכן מער אַדורך
און לעבן קורץ.

די רייכע פאַפּירן — קומען נאָר צו גבירים.
אַז אַ הונדערטער פאַרבלאָנזשעט צו אַ קבצן —
פילט ער זיך איינזאַם.
אָבער ער כאַפּט זיך אַרויס אַזוי שנעל,
ווען דער קבצן — געפינט זיך אין אַ נויט.

די יונגע פאַפּירן — זיינען זייער קאַפּריזנע.
אַ ריר —
מאַכן זיי אַ טומל.
גאַנצע קנאַקערס.

די אַלטע פאַפּירן —
קוים וואָס זיי האַלטן זיך.
פאַלן באַלד אַוועק אין אָנמאַכט.
און בענטשן שטילערהייט די הענט —
וואָס נעמען זיי נאָך.

מיט דער צייט — קריגן זיי פעלערס.
ווער אין אַ זייט,
ווער אין דער מיט,

מענטשן האָבן איינזעעניש
און פאַרלאַטען זיי.

## גאָלדענע געלטן.

אדל-לייט.
פּרינצן.

זיי שיינען אראָפּ פון זיך.
מיוחסים.

קומען נישט צום פאָלק.

אינגאַנצן אָפּגעזונדערט.

זייער משפחה — גאָלדענע יעזוס'ן אין קלויסטערס.
קרוינען אויף קייזערליכע קעפּ.

אלע מלחמות איבער זיי.

מ'היט זיי זייער אָפּ.

לעבן אלעמען אריבער.

## טשעקס.

פריער — קומט — געלט.
שפעטער — קומען — טשעקס.
נאָכלויפערס.
נאָכמאַכערס.
זיי פּלאַפּלען נאָך די געלט אין באַנק.
פּאַפּירענע פּאָפּוגייען.

## פאלשע טשעקס.

ווען אַ טשעק וויל זיין אָריגינעל
און טראַכט זיך אוים אַ סומע
אויף זיין אייגענער אחריות —
טויג נישט.
וואָס ער זאָגט — איז ליגן...

אַ טשעק — אַ ליגנער —
זידלט מען אָפּ אין דער באַנק,
מיט בליי, אָדער מיט טינט:
„נישט-גוט“!
„נישטאָ קיין געלט!“
און מען שיקט אים צוריק
פון וואַנען ער איז געקומען.

קומט ער צוריק —
אַ פֿאַרשעממטער.
אַ באַליידיקטער.
מיט שאַנד-פלעקן אויפ׳ן לייב:
„נישט-גוט“.
נישטאָ קיין געלט“.

די אמת׳ע געלטען —
זיינען זייער נישט צופרידן מיט אַזעלכע טשעקס. —

די פֿאַלשע טשעקס כאַפּן דערווייל אַריין אומזיסטע גלעטן...

— אָבער די אמת׳ע געלטן קענען זיך נישט העלפן.
זיי מוזן נאָך ליגן צוזאַמען אין די קעשענעס
און צו-זען די ליגנס פון די פֿאַלשע פּאַפּירן.

צווייטער בוך

# געזאַנגען און טענץ

אין דריי טייל

# אין די ווינקלען

ניט די רונדן — נאָר די ראַנדן.
ניט די פלאַכן — נאָר די פאַלדן.
אין די קנייטשן — איז דער טרויער.
אין די ווינקלען — איז די תפלה.

מענטשן ראַשן זיך אין גאַסן.
נאָר דאָס לעבן שטילט דערנעבן. —
אין די זוימען פון די זאַכן.
אין די היימען אין געהיימען.

שאָטנס נערן זיך פון פלאַמען.
און זיי ציטערן צוזאַמען. —
אין די הינטן אין די ביינקשאַפט.
אין די גלוסטן איז די אומרו.

ניט דאָס שטייגל — נאָר די דראָטן.
ניט דער פויגל — נאָר די פליגל. —
אין די פליגל — וויינט דער פלאַטער.
פאַר די דראָטן — ברענט דער ווילן.

# א ליד צום ליד

געזאַנג — צום קלאַנג.
צום ניט — וואָס איז.

דין — ווי איך בין. —
שפּיז.
שפּיל — ווי איך בין. —
שאַרף.
שפּיגל.

טענער — מינען.
מיינען מער.
מאָנען.

דערמאָנען. —
אין ניט געשען.
אין מער ווי געווען.
אין מער ווי זיין.
איבערן זין.

## ווען סע זינגט זיך

דינע געזאַנגען.
ציטערדיקע.
מיוחס׳דיקע.

ס׳איז פאַרנאַכטלאַך —
גאָלדיק אומעטיק —
נישט אין דרויסן —
ביי זיך אַליין.

ס׳איז טריב און ליב צוזאַמען...
זיי קוויקן מיט טרויער.

אַ קוואַל האָט זיך אויפגעשלאָגן —
און קוואַלט,
קוועלט.

מענטש — חנ׳דלט זיך מיט טענער.
פּוצט זיך דורכ׳ן קול.

פאַר ווערמען זיך קלאָגן —
פאַר זיך אַליין.

רייד מיט צער, צו דיין אייגענעם צער.

נישטאָ אַ צווייטער דו.
איין דו איז דאָ.
דיין — דו.

דו!
צוויי זיך איינציקדיק.

גייסט —שפּיגלט.
שפּיגל זיך מענטש.

קוק זיך אָן:
לויטער.
ליכטיקער נישט וויסן.

עס העלט —
און מען ווייס נישט וואָס עס העלט.
וואָס עס קלאָרט.

אַז ס׳איז מער, ווי מען זעט,
אַז ס׳איז מער, ווי מען ווייסט,
וואָס זיינען ווערטער?

פאַרמאַך די אויגן,
און לאָז זיך פירן דורכ׳ן קול.

קול, קומט, אומעטום.
איבער אַלע הויכן.
אונטער אַלע טיפן.

קול —
קייקלט זיך.
קנייטשט זיך.
פאַלד אויף פאַלד.
פאַלדן פון טענער.
שפּיצן.
סופ׳ן.

קוואַל, קוועל, קול.
לאָז דערזען,
לאָז דערוויסן זיך.

## אַ ליכטיקער

איך בין לויטער ליד.

אַזוי ווי איילנדיקע דינע וואַסערלאַך.
מיט אַ קלאָרקייט פון פאַרנאַכטן איבער וועלדער.

געזאַנג.
באַנג.
לויטער יאָנטעוו.

אַ דערהויבענער פון זיך אַליין.

אַ נאָענטער פון הויכע ווייטן.

אַ ליכטיקייט צו גאָרע צייטן.

## גרויס געזאַנג אין מיר

מיין ווילן ווייגט אין מיר —
פון גרויס געזאַנג אין מיר.

מיינע גלידער קניען זיך — און בעטן.
מיינע גלידער ציען זיך — און מאָנען.

גרויס געזאַנג אין מיר —
זינג אַרויס פון מיר.

מיר איז ענג פון איבערפלוס אין מיר.

איך וויל ווערן.

איך ווער פאַרצערט פון ווערלן ווערן.

# איך וויל ניט שטילקייט

אַלע סופ'ן קומען אין דער שטיל.

יעדער סוף — פאַרשטומט.
יעדער סוף — פאַרפרומט.
יעדער סוף — פאַרדומט.

רו איז וועלק פון צייטן.
רו פאַרפירט אין גרונטן.

הינטער שטילקייט פאַלן פליגלען.
הינטער שטילקייט קילן אויגן.
אונטער שטילקייט וויאַנען דורות.

איך וויל ניט שטילקייט! —
רעש!
לעבן — ראַשט!

פליגלען שטייגן אין גערויש.
אויגן צינדן זיך אין רעש.
רעש איז ריר.
רעש איז זיין.
פרייד — פלאַמט.

פיבער! פיבער! רעש!
הויב מיך און דערהויב מיך, רעש!

# אַ חיה פון קלאַנגען

ביינאַכט.
איך ליג אין בעט.
מיינע אויגן זיינען צו.

רעוועט אַ שיף אין דער נאַכט:
בו! בו!
דאָס קול —
א שפּאַרנדיקער קאָפּ...

רעדט און רעדט אַ רעגן:
וואו וואו וואו וואו.
אַ רעגן —
פאָדערשטע פיס פלאַטערן...

יאָגט זיך אַ דערשראָקענער אויטאָמאָביל
אין דער ווייט און שרייט:
הו! הו! הו!
הו הו הו —
הינטערשטע פיס פלאַטערן...

פון אַ באַרג אַנטלויפט אַ באַן
און פייפט: צו——————
דער פייף —
א לאַנגער עק...

# אַ מענטש

אַ מענטשעלע — אַ קעסטעלע.
אין קעסטעלע — צוויי שייבעלאך.
קוקן פון די שייבעלאך —
קעצעלאך און טייבעלאך.

פילט זיך גוט דאָס קעסטעלע —
גלאַנצן אויף די שייבעלאך.
טאַנצן אין די שייבעלאך —
קעצעלאך און טייבעלאך.

פילט זיך שלעכט דאָס קעסטעלע —
ווערן גרוי די שייבעלאך.
אומעדיקע קעצעלאך,
אומעדיקע טייבעלאך.

קומט אַ צייט צום קעסטעלע,
און פאַרדעקט די שייבעלאך.
שלאָפן איין די קעצעלאך,
שלאָפן איין די טייבעלאך.

## איינס

יעדער מענטש — אַ אייּנס.
אַ גאַנצע וועלט מיט איינסן.
אַלע — איינסן.

איינס און איינס — קען ניט ווערן איינס.
איינס און איינס — זיינען צוויי.
צוויי איינסן.

יעדער איינס איז איינציק.
איינאוןאיינציק.

רעדט — און איינציקט זיך.
שווייגט — און איינציקט זיך.

אַליין — איינציקדיק.
אַליין — איינענדיק.
אַליין — אַליינענדיק.

## ביינאַכט אין פעלד

לבנה — באַזונדער.
שטערן — באַזונדער.
אַלע — אַליין.

ליכטיקע עלנטן.
לויטערע אומעטן.

וויפיל איינזאַמקייטן דאָרט!
וויפיל איינזאַמקייטן דאָ!

שטייט אַ וואַלד.
האַק אַראָפּ אַ בוים —
שטייט אַ וואַלד.

לויפט אַ טייך.
כאַפּ אַרויס אַ שטראָם —
לויפט אַ טייך.

# אַ בוים שפּיגלט זיך ביים וואַסער

זעט דער בוים דאָ:
אַ בוים דאָ,
אַ בוים דאָרט.
זעט דער שאָטן דאָרט:
אַ בוים דאָ,
אַ בוים דאָרט.

טראַכט דער בוים דאָ:
אַזוי ווי דאָ,
אַזוי איז דאָרט.
טראַכט דער שאָטן דאָרט:
אַזוי ווי דאָ,
אַזוי איז דאָרט.

שטוינט דער בוים דאָ:
בין איך — ער?
שטוינט דער שאָטן דאָרט:
בין איך — ער?

לאַכט ער דאָ דער בוים און וואַרפט זיך:
יענער שטייט קאַפּויר...
וואַרפט זיך דאָרט דער שאָטן
שטומערהייט...

# אַ פליגעלע אין פעלד

אַ פליגעלע פליט:
זש זש זש זש.

פליגעלע קליין —
טראָגט זיך אין אַליין.
אין בלויער וואו.
אין רויער רו.

אַ צאַפּלדיק געשטאַלטעלע.
אַ באַשאַף.
אַ לעבן פלאַטערט.

חיות׳ל קוים —
ראַשט אין רוים:
וועלט — מיין.
וועלט — מיין.

## מיטאַמאָל

מיטאַמאָל — דערפיל איך מיר אין אַלטערטום.
אין טוכלע טיפן.
אין טויבע תהום'ן.

אַלע גאַסן — אַ מוזעאום.
אַלע הייזער — מאָנומענטן.
אַלע מענטשן — טויטע גייער.

פאַר די אויגן — ווילדע ווייטן.
אין די אויערן — רעש פון צייטן.
שטום.

# מיט אַלעמען אַזוי

א פויגל פליט.
זוכט דאָס לעבן מיט די פליגל,
ביז סע טרעפט מיט אים.
ווערן זיינע אויגן גרוים,
און ער פאַלט אַראָפּ.
ציט זיך אוים פון זיך אַליין.
דעם קאָפּ אויף אַ זייט:
ניין...

# אַ שטיין

יעדער מענטש וואָס גייט ארום —
וועט ליגן.
איבער אים וועט זיין אַ בערגל.
און דערביי וועט שטיין אַ שטיין.
מיט׳ן פנים צו די צייטן.
מיט׳ן נאָמען פונ׳ם טויטן אויף זיין האַרצן.
און פאַר יעדן מאָרגן וועט ער זיין אַן עדות:
דאָ!
ליגט!
אַ מענטש!
— וועט די זון מיט ווייסן שווייגן —
קניען פאַר דעם שטומען עדות.
— און דער נאָמען פונ׳ם טויטן —
וועט זיך צינדן געגן הימל...

# פלעקן

אומרוהיקע פלעקן
יאָגן זיך מיט אָפענע מײַלער איבער דער וועלט
און ווילן איר איינשלינגען.

פליט אַרום די צייט
און כאַפּט אַלע ווייל אַ פלעק:
אַרוים אַריין אין אויער.
אַ ווילדן וואונק.

טוט דער פלעק אַ שפּרונג.
אַ קנאַק מיט דער צונג.
אַ דריי מיט אַ ליפּ.
אַ שאַרף מיט די ציין.
אַ צעבלי.
אַ צעגלי.
צום לעצטן מאָל אַ פּאַל.
די אויגן אַ צעפּראַל.
אַ צעצי און שוין...

## ווייסע ליכט

ווייסע ליכט —
הערן אוים פאַרגאַפּט די טויט-לעגענדן,
פון די לאַשטשענדיקע בלוי-באַזוימטע פלעמלאַך,
אויף זייערע ווייכע קעפּ.
דאָס קאַלטע פּנים אויף דער ערד,
וועט זיך שוין ניט אויפטרייסלען,
אפילו פון גוואַלדיקן ראַיענראַש
פון אַ פאַרצווייפלטע פליג
אין די פאַרשטומטע נאָזלעכער...

# אין גרוב

שטייען פלעקן אַרום אַ שוואַרצן אָרון.
שטייט דער אָרון פאַר אַ גרוב.
בויגט זיך איין אַ פלעק
און שרייט אין גרוב אַריין:
„אַלע בעטן דיך מחילה!“
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —
אין גרוב ליגט אַ פלעק.

# אין דער וועלט — פון אַרכיוון

טעג — ווייסע ווענט — גרויע ווענט — פירעקיגע.
נעכט — שוואַרצע ווענט — בלויע ווענט — פירעקיגע.

וואו, וואו ! — וואו, וואו ! —
שפּאַנען טעג — ווייסע ווענט — גרויע ווענט — פירעקיגע.
שפּאַנען נעכט—שוואַרצע ווענט—בלויע ווענט—פירעקיגע.
ריי נאָך ריי — ריי נאָך ריי.
אַרמייען — אַרמייען.

דער וואָס פירט — ווייסט וואָס ער פירט.
וואוהין ער פירט — ווען ער פירט.

פון דער וועלט — פון דער וועלט — שפּאַנען טעג —
אויסגעמאַטערטע.
פון דער וועלט — פון דער וועלט — שפּאַנען נעכט —
אויסגעמאַטערטע.
ריי נאָך ריי — ריי נאָך ריי.
צו דער וועלט—פון אַרכיוון—צו דער וועלט—פון אַרכיוון.

פון דער וועלט—פון אַרכיוון—פון דער וועלט—פון אַרכיוון—
שפּאַנען טעג — פרישע טעג.
שפּאַנען נעכט — פרישע נעכט.
ריי נאָך ריי — ריי נאָך ריי.
צו דער וועלט — צו דער וועלט — צו דער וועלט —
צו דער וועלט.

דער וואָס פירט — דער באַפעלט.
אַ באַפעל — און אַ טאָג —
אַ באַפעל — און אַ נאַכט. —

גייען אָפּ — קומען אָן —
ווייסע ווענט — גרויע ווענט.
שוואַרצע ווענט — בלויע ווענט.
ריי נאָך ריי — ריי נאָך ריי.

פון אייביק אָן — צו אייביק אָן —
צו אייביק אָן — פון אייביק אָן.

**טריט טריט — טריט טריט — טריט טריט — טריט טרים.**

## אַ ווידער קול

דער הימל קוקט אַראָפּ.
די ערד קוקט אַרויף.

שטוינען בערג.

וואַרטן וועלדער.

פרעג איך ביי דער וועלט:
קיינער איז ניטאָ?

פרעגט ביי מיר די וועלט:
קיינער איז ניטאָ?

## קליינע קינדער

קליינע קינדער —
קריכן קוים.
קייען קוים.
קלערן קוים.
געדאַנקעלאַך,
ווי צאַצקעלאַך,
פון מאָרגנטוי...

און טעג.
זייערע טעג.
פרישע טעג.
דערפרישן זיי.

און נעכט.
זייערע נעכט.
בלויע נעכט.
פירן זיי אַרויף.

# אַלטע לייטע

אַלטע לייטע —
קייען קוים.
קלערן קוים.
געדאַנקעלאַך,
ווי רויכעלאַך,
פון נאָך אַ שׂרפה...

און טעג,
זייערע טעג,
אויסגעמאַטערטע,
מאַטערן.

און נעכט,
זייערע נעכט,
שוואַרצע נעכט,
שלעפן זיי אַראָפּ.

# געוואוקסן

מענטשן, בוימער, שטעט, —
געוואוקסן.
אַ גאַנצע וועלט מיט אויבסן.
אַ בייזער מענטש — אַ רעטאַך.
אַ דומער מענטש — אַ פּאַסטערנאַק.
אַ פראַנט — אַ מאַראַנץ.
אַן אַרבעטער — אַ קאַרטאָפליע.
אַ קאַרגער — אַ באָקסער.
אַ פרוי — אַ ווייכע באַר.
אַ קינד — אַ פּאַסאָלקעלע.
אַ שטאָט — אַ וואַלד פון חיות,
מיט אויסגעגלאָצטע אויגן.
אַ וואַלד — אַ שטאָט פון בעטלער,
מיט אויסגעשטרעקטע הענט.
צייטן — שטומע ווינטן, —
ציען —
איבער שטעט,
איבער וועלדער,
איבער רעטאַכער,
— אַלע וויינען ווען זיי ווערן ניט. —

## טעג און נעכט

אַ טאָג —
אַ טויב.
קומט אַ טאָג —
אַ טויב צעפליען.

אַ נאַכט —
אַ קראָ.
קומט אַ נאַכט —
אַ קראָה צעפליען.

טעג —
טויבן.
נעכט —
קראָען.

פליען און צעפליען
טויבן, קראָען.

## ציטערצייט

איך וועל אויפבליען.
איך וועל אויפגליען.
איך וועל זויבערן.
איך וועל זילבערן.
זילב צו זילב.
זוים צו זוים.
זייט צו זייט.

וועט זידן זייד.
וועט זינגען זייד.
אין שפּעטער ווייט.
אין וואונדער־ווייט.
אין שטילער שעה.
אין קלאָרער רו.
איצטערצייט.
ציטערצייט...

## באַנען

באַנען — באַנען אויף די רעלסן.
באַנען — באַנען אויף די רעלסן.
אָדלערם — !

שוואַרצע זשוזשענזשוקעס:
זשזש! — זשזש! — זשזש!

אָקסן רעווען: האָהאָ! —
ווי דער הילך פון פאַלנדיקע ברעטער
איינע אויף די אנדערע
אנדערע אויף אנדערע
אויף אנדערע אנדערע
אויף אַנדערע אַנדערע — אַנדערע אַנדערע. —
עפּעס אַט אַזוי.

אַטאַ טאַ טאַ שניידט אַ באַן פאַרביי — וואַי!
הינטוואַי: וואַוו!
ווינטן וויינען אין אַ וואַלד —
וואַנדלען ווילדע אין אַ ווילדע וועלט.

פייער רוישט אַזוי: זע זע זע!
וואַסער שטילט אַזוי: שש — שאַ שאַ שאַ!...

זאָג זאָג באַן! —
באַן באַן פון וואַן?
באַן באַן וואוהין? —
— נישטאָ קיין צייט, נישטאָ קיין צייט,
נישטאָ קיין צייט, נישטאָ קיין צייט.
וועג — ווייט, וועג — וועקט:
הו — וואַ! הו — וואַ! וואַ וואַ וואַ וואַ!

אַ הויז — פענסטער, אַ הויז — פענסטער,
פענסטער, פענסטער:
אָפענע פענסטער — מיילער.
פאַרמאַכטע פענסטער — אויגן.

אַ האַנט כאַפּט אָן אַ שטריקל וועש.

אַ צי — צים!
אַ צי — צים!
— איידל-דריידל-ריידל.
קומט אַ קליידעלע, קומט אַ העמדעלע —
סאָלדאַטעלאַך — שיכורים'לאַך. —
עפּעס אָט אַזוי.

אַ וויגעלע.  
אַ פרוי —  
היינגט אַראָפּ איר ברוסט —  
אַ טויטע שוואַלב.

אויף די לאַפּעס אָנגעשפּאַרט אַ גרויער קאָפּ. —  
אַ מענטש ?  
אַ הונט ?  
אַ בער ?

יעדע הויז אַ גאַס, יעדע הויז אַ גאַס.  
אויפגעפּראַלטע גאַסן.

— קאַרליקלאַך.

הו הו, מאַשינדעלאַך צעשראָקענע !

פּלאַטערט אַלץ אַזוי,  
פּלאַטערט אַלץ אַזוי.  
עפּעס אָט אַזוי.

# אַ מחיה צו פאָרן אין באַן

אַ מחיה צו פאָרן אין באַן
און הערן די פענסטערלאך פּלאַפּלען.
און זען די טעלעפאָן-שטאַנגען.
פרייל̇אכע טעלעפאָן-שטאַנגען:
אַ קוק אין אַ שויב — און אַוועק.
אַ קוק אין אַ שויב — און אַוועק.

אַ הונט וויל אַ כאַפּ טאָן אַ טויב,
כאַפּט זיך די טויב און זי פליט.
זוכט איר דער הונט אויפן פעלד.
פלאַטערט אַ קאַטשקע פון שרעק,
וויל זיך צעפליען און פאַלט.
דערזעט דאָס אַ ציג און זי שפּרינגט.

אַן איינזאַמע ראָד אויף אַ מיל
פאַרדרייט זיך איר קאָפּ מיט אַ ווינט.

אַ נאַרישע קו אין אַ טייכל
קושט זיך אַליין אין דעם שפּיגל.

אַ קאַץ וויל זיך כאַפּן ביים עק.

א טשוטשעלע שרעקט אין אַ גאָרטן.

אַ יעזום לויפט אָן און פאַרשווינדט.
יאָגט זיך אַ קלויסטער נאָך אים.
איילט זיך אַ גלח נאָך זיי.
דערשרעקט זיך אַ שול און אַנטלויפט.
יאָגט זיך דער שמש נאָך איר.
קוקט אַ יונגאַטש און ער לאַכט.

דרייט זיך אַ וואַלד אויף אַ באַרג,
טאַנצן די בוימער אַ וואַלץ.
טאַנצן די בוימער א שער.

אַ בוימעכע כאַפּט זיך אַרויס
און דרייט זיך מיט אימפּעט צום טאָל.
לויפן בעריאָזקעס נאָך איר,
לויפן קאַשטאַנעס נאָך איר,
לויפן סאָסנאָווצעס נאָך איר,
שלעפּן די דעמבעס זיך נאָך.

אַ ריזיגער בוים אין דערמיט
האַלט זיינע הענט אין דער הויך
און שאַרט זיך צו איר מיט'ן בויך.
שפּאַרן די בוימער די קעפּ
און טייטלען אויף אים מיט די הענט.

דרייט זיך אַ בוים אינ׳ם טאָל
און גאַפט ווי מ׳האָט זיך צעדרייט.
און שטוינט וואָס מ׳יאָגט זיך צו אים.
ער מיינט אַז מען יאָגט זיך צו אים.

יאָגט זיך דאָס פעלד מיט דער וועלט.
יאָגט זיך די וועלט מיט אַ פרוי.
יאָגט נאָך דער פרוי זיך אַ מאַן.
לויפט אַ בית-עולם נאָך זיי.
שפּילט זיך אַ קינד הינטער אים.

איילט זיך די זון מיט אַ ראַנד
און צינדט זיי מיט ליכט אין פאַרנאַכט.

## צו אַ רעגן

— רעגן, רעגן: קום אַרונטער.
האָב רחמנות אויף די דעכער —
קיינער וויל צו זיי נישט קומען.
קיינעם קענען זיי נישט זען.

שטענדיק ליגן זיי צעצויגן
און זיי קענען זיך נישט רירן.
הימל היינט און הימל מאָרגן.
ס'איז זיי נמאס שוין דאָס וואַרטן.

אפשר האָסטו צוגעהערט זיך
און געכאַפּט אַ וואָרט, אַ מינע,
וואָס מען רעדט דאָרט וועגן דעכער
אין די העכערע מקומות...

גיב אַ גיי אויף זיי פּאַמעלאַך.
ווי דו וואָלסט פון גאָרנישט וויסן.
זאָל עס הייסן, זאָל עס מיינען —
גלאַט אַזוי, פאַרבייגעגאַנגען.

„האָב באַדאַרפֿט אַ בוים דערפֿרישן
און אַ דאַמענקלייד צעקנייטשן.
וואָס-זשע מאַכט איר עפּעס דעכער ?“ —
וועלן זיי זיך ניט דערשרעקן.

גייענדיק אַזוי, צעטאַנץ זיך.
טאַנצנדיק אַזוי, דערצייל זיי.
סאַר אַ פֿרייד עס וועט זיך אָפּטאָן
אויף די אומעטיקע דעכער !

ווי זיי וועלן זיך צעזינגען
און פֿון פֿרייד זיך אַזש צעוויינען
מיט א נחת׳דיקן נוסח
אַלע דעכער מיט אַמאָל !

איך וועל קוקן דורכן פֿענצטער.
שטילערהייט זיך אונטערהערן.
אפשר וועל איך פֿונ׳ם ניגון
עפּעס אויך פֿאַר מיר דערהערן.

# איך און אַ רעגן

נאַדיר רעגן מיינע באַקן,
שטעך מיך, שטעך מיך, האָב ניט מורא.
דו וועסט גיין אויף מיר אַ טענצל.
איך וועל טאַנצן אונטער דיר.

מאַך די אויגן מיינע וויינען,
וועל איך לאַכן,
מיט'ן מויל אַקעגן הימל,
און וועל שלינגען לאָקשן.

זע אַ פליגעלע פון וואַסער,
זאָל פאַרבלאָנזשען אויף מיין נאַקן,
וועט מיין פלייצע זיך דערשרעקן,
וועט מיין האַנט דאָס טון אַ כאַפּ.

גראָב אַ רינווע אויף מיין שטערן,
וועל איך דולדן ווי אַ מויער.
וועסט מיך שלאָגן, וועסט מיך וועקן,
איך וועל ברומען ווי אַ דאַך...

יאָג זיך אָן אויף מיינע אַקסל,
וועל איך שטיין און דו וועסט פאַלן.
איך וועל קוקן טאַמעוואַטע.
איך וועל זיין אַ וואַסערפאַל.

ווער אַ שטייג מיט דיינע דראָטן,
און פֿאַרנעם מיך אין געפֿאַנג.
וועל איך שפּאַנען דורך די גראַטן,
און וועל זינגען אַ געזאַנג.

## אין אַ גרויסן רעגן

יעדער הויז — אַ נעבאַכל.
דום נעבאַכל.
שלעפּעריק נעבאַכל.

יעדער מענטש — אַ מענטשעלע.
איינגעבויגן מענטשעלע.
בידנע מענטשעלע.

די גאַנצע וועלט — אַ וועלטעכע.
אַלטע וועלטעכע.
וויינענדיקע וועלטעכע.

אַמאָל, אַמאָל — איז זון געווען.
איז גוט געווען.
מאַלע וואָס אַמאָל געווען!

# אַ רעגן ביינאַכט

אַ גאַנצע נאַכט האָט גערעגנט,
האָבן אַלע טויטע זאַכן זיך צערעדט.

אַ בלעכענער דאַך
האָט גערעדט אויף זיין בלעכענעם לשון.

די שטיינערנע גאַסן האָבן גערעדט,
אויף זייער האַרטער שפּראַך.

צעלאָפענע וואַסערן האָבן גערעדט
און געאָטעמט ווי ווייטע פייערן
דורך ווייסע אויפגעפּראַלטע טויערן
אין מיינע אויערן...

זיינען אומגעלאָפן ווינטן
דורכ׳ן לאַנגן קאָרידאָר פון דער וועלט.
און האָבן שטיקער תוהו
אויף מיר געוואָרפן.

## אין אַ רעגן

אין אַ רעגן — רו איך.
אין אַ שטורם — שטיל איך.

הער איך:
ווינטן וויגן וועלדער.

הער איך:
וואַסער פאַלט אין פאַלן פון אַ וואַסערפאַל אויף פעלדער.

ווינטן.
וועלדער.
מענטשן.
שטעט.
אַלע שיפן זיך און שווימען
אין אַ ווייטער וועלט אַ ווילדער.

# אַ זון מיט אַ רעגן

פון די הויכע הימלען — ביז צו אונזער ערד —
ציענדיקע שלאַנגען.

פון דער גרויער ערד — ביז די הויכע הימלען —
ליכטיקע זאַנגען.

יעדער רעגן־שטראָם — אַ סלופּ. —
די גאַנצע וועלט אַ וואַלד,
פון שפּרינגענדיקע שטאַנגען.

אַ גאַנצע וועלט מיט גלעזערנע שטאַכעטן.

די גאַנצע וועלט — אַ פּאַלאַץ,
מיט זילבערנע זיילן.

די גאַנצע וועלט — אַ האַרף,
מיט שטאָלענע סטרונעס.

אַ גאַנצע וועלט מיט טאַנצנדיקע מיידל־פיס. —

שטראַלנדיקע זונען־פינגער שפּילן זיך מיט זיי.

## נאָך אַ רעגן

פלעקן — אויף די גאַסן. —
הימל האָט מיט וואַסער־ריטער אויסגעקערט די טראָטוארן.

ניט קיין פלעקן —
שפריצן. —
הימל האָט מיט דינע פלאַשן אָפּגעפרישט די טראָטוארן.

ניט קיין פלעקן —
ניט קיין שפריצן —
שפיצן.
זיג־זאַג־העפטן.
שטיקעריי. —
הימל האָט מיט לאַנגע שפּיזלען אויסגעצירט די טראָטוארן.

ניט קיין שפריצן —
ניט קיין שפיצן —
ניט קיין שטיקעריי —
מאַלעריי. —

הימל האָט מיט לאַנגע פּינזלען אויסגעמאָלט די טראָטואַרן:
וועלדער — אונטער טריט.
ווילדע — אויף די ביימער.

ניט קיין וועלדער —
ניט קיין ווילדע —
קושנדיקע פּאָרלאַך.
טאַנצנדיקע קינדער.
הימל האָט מיט צויבערשטעקנס אויסגעחלומט אונזער ערד.

ניט קיין פּאָרלאַך —
ניט קיין קינדער —
ווערטער.
לידער. —
הימל האָט מיט לאַנגע נאָטן אויסגעזונגען אונזער וועלט.

## אַ רעגן מיט אַ שטורם

רעגענער, רעגענער לויפן אויף די בוימער,
אויף די הייזער,
אויף די גאַסן,
אויף די מענטשן,
לויפן און פאַלן פון די פים.

זעט, זעט זעט!
דער הימל איז באַפאַלן די ערד.

די ערד האָט געבוירן וואַסערדיקע קינדער...

וואַסערדיקע קינדער לויפן און לאַכן
איינע איבער די אַנדערע
און צעוואַקסן זיך אין ריזן.

ריזן לויפן און לאַכן איינע איבער די אנדערע
און צעוואַקסן זיך אין טייכן.

יעדע גאַס — אַ טייך, יעדע גאַס — אַ טייך,
די גאַנצע שטאָט — אַ ים...

יעדע הויז — אַ שיף.
אַלערליי שיפן אויפ׳ן ים.

פענצטערלאך...
פרײלאכע פענצטערלאך, דערשראָקענע פענצטערלאך,
אַלערלײ פענצטערלאך אין די שיפן.

פאָנען פלאַטערן פון די שיפן
און רײסן זיך צום הימל מיט געזאַנגען.

מענטשן — פּאַסאַזשירן.
פּאַסאַזשירן קוקן אַרויס פון די פענצטערלאַך
און שטוינען מיט דערשראָקענע אויגן...

וואונדער איבער וואונדער! —
פּאַסאַזשירן לויפן אויפ׳ן ים
און צעברעכן רעגן־שטעקעלאך — מיט די קעפּ...

קומט אַ ווינט און גיט אַ יאָג — ווערן לײלאַכער.
ווײסע לײלאַכער פון רעגנשטויב לויפן איבערן ים
און בײכיקן זיך פון געלעכטער.

אַ ווינטיקע האַנט צעשיט זערנעס פון רעגנשטויב,
שפּרינגען וואַסערדיקע פויגעלאך אויף די שפּיצנפינגער
און זוכן זײ אַרום.

אַ אײזן אויף אַ טויער
שלאָגט זיך קאָפּ אין וואַנט
און שרײט:
וואונדער איבער וואונדער! —

א קלוגע היטל נעמט זיך אָן מיט מוט
און פליט אַוועק פון א נאַרישן קאָפּ...

א כיטרע שוועבעלע
כאַפּט זיך אַרויף אויף אַ רוקן פון א שטראָם
און פאָרט אויסזען א וועלט...

א צעשפּיליעטע קאַפּאָטע קריגט זיך מיט א אידן:
איד! פאַרקנעפּל מיך!
וואָס איז דער מער מיט דיר?

א לייכטע קליידל אויף אַ מיידל
קערט זיך איבער ווי א שירם
איבער דער מיידל
און שרייט צו אַלע מענער:
כאַפּט א קוק!

א בלעכענער קוימען
אַנטלויפט פון אַ הויכן דאַך.

א פענצטער פּלאַצט אַרויס פון פרייד.

זעט זעט זעט! —
אין דער ווייט — לאַנד.
די בערג ברענען,
די וועלדער — ברענען,
מיט ווייסע רעגנדיקע רויכן!

# וואַסערן

וואַסערן לויפן איבער דער וועלט —
אימפּעטיקע,
קרעפּטיקע.

שלאַנקע שטראָמענדיקע שאַרפן —
שטרייפן זיך,
שלייפן זיך,
און שיינען.

וואַסערן לויפן איבער דער וועלט —
און זוכן.
לויפן מיט זון,
מיט לבנה,
מיט פינצטערניש, —
און שרייען.

בערג אין דער הויך,
טאָלן אין דער טיף.

וואַסערן לויפן רונד אַרום און רונד אַריין,
רונד אַרוים און רונד אין ריי.
קרום — אַרויף
און גראַד —
אַראָפּ.

אַ געיעגעריי,
אַ גערווישעריי,
אַ פרייד אין דער וועלט אַריין.

דאָס גרעסטע געזאַנג — און נאָך.
אַלעמאָל מיטאַמאָל — און נאָך.

ליכטיקער געלעכטער,
קלאָרער געפּלים,
אייביקער יאָנטעוו.

וואַסערן לויפן איבער דער וועלט —
און לאַכן.
קאָכן און קייכן מיט שוימיגן שניי,
קוואַלן און קוועלן מיט זילבערנע כמאַרעס,
טאַנצן — און באַשפּריצן זיך מיט טוי.

אַ שפּריץ אויף אַ שפּריץ און אַ כאַפּ,
אַ כאַפּ און אַ טאַנץ און אַ זיד,
אַ זיד און אַ זינג און אַ זאָג,
אַ זאָג און אַ זינג און אַ יאָג,
אַ יאָג און אַ פאַל און אַ הויב,
אַ הויב און אַ פאַל אין פאָראויס,
אַ שפּרונג און אַריין אין געדריי.

אַ שטיין, —
וואַסערן לויפֿן אויפֿ'ן שטיין
און ציען צעפּ איבער אים.

בוימער, —
וואַסערן לויפֿן ביי די בוימער
און געזעגענען זיך אויף אַ קול.

אַ לאָנקע, —
וואַסערן לויפֿן צו דער לאָנקע
און קושן איר אין די זייטן,
האַלזן זי — און ציטערן פֿאַר פֿרייד,
זאָגן איר צו — און אַנטלויפֿן.

לויפֿן — און ווערן ניט מיד,
דערציילן — און דערציילן ניט דעם סוף.

רוען? — ניטאָ ביי וואָס צו רוען.

בלייבן? — ניטאָ ביי וואָס צו בלייבן;

אומעטום איז דאָ,
יעדער דאָ איז דאָרט,
יעדער דאָרט איז ווייטער.

# אַלע טאַנצן

אַלע, אַלע טאַנצן.
אַלע, אַלע טאַנצן.

טאַנצט אַ מאַן מיט זיין ווייב —
מאַן און ווייב — נו ?

טאַנצט אַ חתן מיט זיין כלה —
חתן־כלה — האַ !

טאַנצט אַ בחור מיט אַ מיידל —
אַי, אַ בחור מיט אַ מיידל !

צוויי מיידעלאך — האָבן נאָך ניט קיין חתנים — האָ !
צוויי מיידלאך — ווען אפשר שוין ניט האָבן — אוי !

אַלע, אַלע טאַנצן.
אַלע, אַלע טאַנצן.

שפּילער ! — שפּילט ! — שפּילט ! — שפּילט !

וועמען איר צעשפּילט — און וועמען — איר פאַרשפּילט.
וועמען איר צעוויגט — און וועמען — איר פאַרוויגט.

# אַ פּאָלקע־מאַזורקע

זינגען מיט׳ן ריטם פון דער מעלאָדיע.

אַ קאַפּעליע
קאָנצערטיסטן,
דאָס בין איך אַליין — איך גיב פאַר זיך קאָנצערט.
בין דער פירער,
בין דער טענצער.
און איך שאַף דאָס אַלעס
צום — טאַקט!

מיינע ליפּן
קענען פלייטלען,
צי איך זיי צונויף און פייף זיך צו דער וועלט.
מיינע אַקסל
שפּרינגען אונטער,
ווינקלט מיינס אַן אויגל,
צום — טאַקט!

מיינע הענט די פלינקע
דיריזשירן,
פירן זיי אין טאָלן און אויף הויכע בערג.
איז די ערד מיין פּייקל,
איז מיין פוס דאָס שטעקל,
וועקט מיין פוס דעם פּייקל
צום — טאַקט!

ווייל איך אויף געלעכטער
בייז ווערן,
בלאָז איך אָן די באַקן און איך שטורם באַם.
און די אויגן מיינע
קוקן אוים דערשראָקן,
ווי מ'וואָלט זיי שיסן
צום — טאַקט!

ווייל איך נעמען
מיינע ליידן
און צעשליידערן ווי שטויבן אין אַ ווינט,
שפּילט מיין צינגל
מאַנדאָלינע;
ציטערט צו די ציינער
צום —טאַקט!

ווייל איך זינגען
צו מיין לעבן,
שפּיל איך האָרן מיט אַ קול פון קעל אַרויף.
הערט די וועלט מיך
און באַוואונדערט,
און זי שטוינט און שמייכלט:
צום —טאַקט!

ווײל איך זיך דערפרײיען
שפּיל איך טראַם — באַן.
שטרעק איך אויס אַ טאַן און כאַפּ אים באַלד צוריק.
האָב איך גלײַך חרטה
און איך שטרעק אַ צווייטן,
טוט עס מיר הנאה
צום — טאַקט!

ווײל איך זיך פאַרטראַגן
אין די ווײַטן,
שפּיל איך ווי אַ פידל מיט אַ דינע שטים.
און איך זע אין חלום
מתים פון די קברים,
בעטן זיך און וואַרטן
צום — טאַקט!

ווײל איך טאַנצען,
גײ איך טאַנצען,
און איך שפּיל אויף אַלע כלים מיט אַמאָל.
און עס הויבט מיך,
און דערהויבט מיך,
און איך דרײ און פרײ זיך
צום — טאַקט!

נאַרן זאָרגן,
נאַרן וויינען,
זיי באַנעמען נישט די וואונדער פון דער וועלט.
איך וועל שפּילן,
זיך פאַרשפּילן,
ביז מ'וועט מיך טראָגן
צום — טאַקט!

# אַ וואַלץ

איינס — צוויי, דריי, איינס — צוויי דריי.
פֿאַרלאָך דרייען זיך — פֿאַרלאָך דרייען זיך —
ווייסטו ווי אַזוי ? ווייסטו ווי אַזוי ?
בוימער אין וואַלד — דרייען זיך אַזוי —
ווען דו פֿאָרסט פֿאַרביי — אין אַ באַן פֿאַרביי.

איינס — צוויי, דריי, איינס — צוויי דריי.
אַז די פֿידל שפּילט — שפּרייט זי וועגן אויס —
ווייסטו וואָסערע ? — ווייסטו וואָסערע ?
ווייכע מיידל הענט — אונטער דיינע פּיס —
קרויזלען דיך אַרויף — ווי אַ רויך אַרויף.

איינס — צוויי, דריי, איינס — צוויי דריי.
אַז די מאַנדאָלין — צימבלט אָט אַזוי —
ווייסטו וואָס זי טוט ? — ווייסטו וואָס זי טוט ?
דיינע יונגע טעג — די פֿאַרגאַנגענע —
ברעקלט זי פֿאַנאַנד — ברעקלט זי פֿאַנאַנד...

איינס — צוויי, דריי, איינס — צוויי דריי.
אַז דאָס פלייטל פייפט — אַז דאָס פלייטל פייפט —
ווייסטו וואָס דו הערסט ? — ווייסטו וואָס דו הערסט ?
טויטע אין דער ערד — וויינען דאָס אַזוי —
וואָס־זשע וויינען זיי ? וואָס־זשע ווילן זיי ?

איינס — צוויי, דריי, איינס — צוויי דריי.
אַז די פויק באַרוישט — אַז די פויק באַרוישט —
ווייסטו וואָס דאָס איז ? — ווייסטו וואָס דאָס איז ?
דאָס איז דאָך דער רויש — אָט דער וועלט־גערויש —
וואָס פאַרטויבט אין דיר — פחד פאַר׳ן טויט...

איינס — צוויי, דריי, איינס — צוויי דריי.
אַז דאָס לעבן איז — אַ געדריי אַזאַ. —
ווייזט די ווילאַנטשעל : איינס — צוויי — דריי.
וועלן פון דער וועלט — אַלע זיך צעגיין. —
— טוט מיר אַזוי וויי. — טוט מיר אַזוי וויי. —

## פאַקס־טראָט

איינס — צוויי.
איינס — צוויי.

אַקסל אָפּ און אַקסל אויף,
אַקסל אויף און אַקסל אָפּ.

פיבער־פּיס און טרייסל־טריט.
טריט אין טראָט און טראָט אין טרעט.

וויגן־וואָג און וואָגן־וויג.

ניט־זיכער־טאַנץ.
ציטער־צייט און ציטער־טאַנץ.

מיידל־באַנג און בחור־באַנג.
וויגן־גאַנג און ליגן־דראַנג.

גלידער גלי און גלידער קלעם.
צי־צונויף און נעם־צענעם.

פּום — אין פּים און זייט — צו מיט.
ציטער צו און צי צוריק.

האָב מיך יאָ און האָב מיך ניט.

קוק אַרויף און מיין אַראָפּ.
דריק מיך צו און לאָז מיך אָפּ.
וויל מיך נאָך...

ווילן — וועקט.
ווילן — וויל.
אַלעמאָל — אַ וויל, אַ וויל.

ערשט געוואָלט — און וויל שוין ווידער.
ערשט דערווידער —
ווידער נידער...

אַלעמאָל דערווידער נידער.
אַלעמאָל דערנידער ווידער.

ערשט — האַ!
שוין — אוי.
ווידער — האַ!
ווידער — אוי.
נאָך...

## דזשעז

קווימשע, רימשע, פידל־שמידל!

פיאַנע — פויק! פיאַנע — פויק!

קלאַפּל, פּלאַפּל, שמעקל־פלעקל,

ציטער, צערטל, צאַפּל, גלעקל.

טאַצן־טאַצער, וואַרף די טאַצן —
אַקוראַט אַן אַקראַבאַט.
טאַנץ אַ טאַנץ און בויך אין באַצן,
און פאַרשפּעטיק פּונקט — צום טאַקט.

נעם אַ טאַץ — און פּאַטש אין פּלייצע.
בויג דעם קאָפּ — און האַק אין פּויק.
הויב אַ פוס און שפּרינג אַ קרומער.
שפּרייט דאָס מויל — און שלים אַן אויג.

זעץ זיך רייטן אויף אַ ביינקל,
האַלט די אויגן הויך געווענדט.
טו אַ פלי — און פאַל אַרונטער,
און צעשריי זיך — אויף די הענט.

ברויז און ברען און גאַר נאָך ליבע,
ווייז: אַ מיידל לאַכט דיר אוים.
גיב איר געלט און זאָל זי נעמען,
און צעוויין זיך אויף איר שוים.

ווייז, ווי איינער ליגט אַ טויטער,
און דערשראָקן כאַפּ זיך אויף.
בעט אַ פרומער אויף די קניען,
מיט אַן אויגל — לאָך אַרויף.

מיט דער פּלייצע צו די מענטשן,
אויפ׳ן האַרצן האַלט די האַנט;
נויג זיך, בויג זיך, טיף און טיפער —
און צעלאָך זיך פאַר דער וואַנט.

דריי זיך אוים און פּייקל פּויקער,
טויש און שטוים די טאַצן צו.
דו ביזט דאָ צו מאַכן טומל,
דו ביזט דאָ צו שטערן רו.

זאָג. זינג. פייף. קלינג.

מיט די ציינער קריץ, צערייץ.
מיט די בליקן זינד צעפּלייץ.

גיב אַ רעוו און גיב אַ רים,
נעם אַ קוש און גיב א בים.

סאַקסאָפאָן דריי אוים אַ קריי:
קוקו-רוקו-רוקו-רו!
גראָבע טרובע — זאָג — אַ זיפץ:
האָ האָ האָ האָ.

נישט קיין קלאָגן, נישט קיין לאַכן —
גאָר אַ נייער מאַך פון זאַכן.

קלאָגנע לאַכקע.
לאַכקע ווײנקע.

פון כל נדרי, פון „אַאידאַ“.

ווי עס ווײנט אויף זיך אַ ניגער.

ווי אין שטייג אַ נייער טיגער.

ווי עס פייפט אַ באַן צום הימל.

ווי אַ ווינט אין וועלדער ווילדעט.

ווי אַ פּאָפּ אַ גראָבער פּרעפּלט.

ווי אַ שיכור זינגט און וואַקלט.

ווי אַ קו אין פעלד מוהוקעט.

ווי מען שרייט אין פוסטע פעסער.

ווי אַ דונער גרויסט זיך גרעסער.

זאַווערוכע.
ווילדעוואוכע.
מענטש, און חיה — איין משפּחה.
לייב, און לעמל — איין מערכה.

פעלקער — וויינען אין די לענדער.
חיות — וויינען אין די וועלדער.

ווײ־געשריי פון אַלע שפּראַכן.
שטומער צער פון אַלע זאַכן.

אַלע ווילן מאַלעגערן.
אַלע טויטע — ווילן ווערן.

אַ צעבראַזג פון אַלע צייטן.
אַ צעברויז פון אַלע ווייטן.

טראַסקע! — מאַסקע!
פליאַסקע! — לאַסקע!

קראַך האַרמאַטן און קאַנאָנען!

טרייסל ערד און טרייסל הייזער!

גיכער היינט און גיכער מאָרגן!

שנעלער זייגער מיט די ווייזער!

אויבן — באַנען, אונטן — באַנען,
סאָבמאַרינען, עראָפּלאַנען.

רידער, רעדער בּאַראַבאַנען —
צוצעצוימען! צוצעצאַמען!

ראַדיאָ רופט אַרונטער מאַרסן:
וועלטן! — רוקט זיך צו צוזאַמען!

העכער, העכער, סאַקסאָפאָן!

שטיף און שיפּל זיך, טראָמבאָן!

טראָמבע, טרובע, אויבנאָן!

פלאַטער פלעקל, ווי אַ פאָן!

קלינגל גלעקל און דערמאָן!

שאַל און שטראַל, טראָמפּייט!
זאָג אָן!!!! —

— — — — — — — — — —

— — — — — — — — — —

— — — — — — — — — —

מיטאַמאָל — פון אָנהויב אָן!

# אַ ניגון

ער ציט זיך צו מיר
מיט דער דינקייט פון ווייטן.

ער נויגט זיך
און הויכט אויף מיין פּנים מיט ווייען.
און טיפט מיינע אויגן מיט בייגקשאַפט,
אין שטילן פאַרגיין זיך.
אין ווייטן פאַרלויף פון פאַרשווייגן.

— ווער איז דער ניגון ?
איך האָב פאַר אים מורא !

ער צינדט פאַר מיר פענסטער
מיט פלאַמען פון שרפות,
אין היימען אין ווייטע
וואָס זיינען ניטאָ שוין.
ער ווייזט מיר אין שיין פון די פלאַמען —
די ראַשיגע מענטשן
וואָס זיינען ניטאָ שוין.

ער וועקט פאַר מיר צייטן
מיט צישן פון טאַצן,
מיט טומל פון פויק אין פרימאָרגן,
און הויכער געשריי פון קאָרנעטל,
שטילער געיעג פונ׳ם פלייטל,
קווימשיקע קולות פון סטרונעס
אין רוישיגן טאַנץ, נאָך אַ חופה...

טאַטעס און מאַמעס און זיידעס,
און באָבעס מיט עלטער אויף שטערן
און ציטריקע קינדערשע הענטלאך...
מיט גליקלאכע וואונשן אין אויערן
און טרערן אין אויגן...

און מיידלאך אין ווינקלען
מיט פלאַם אונטער אויגן,
מיט שרייענדער ביינקשאַפט
אין שטעטל אין שטילן.

ווער איז דער ניגון?

# אַ קאָנפערענץ מיט זיך אַליין

ביינאַכט אַמאָל,
אין ליכטיקן אַליין. —
בלייב איך זיצן אָנגעבויגן.
אויף די קני די עלנבויגן.
אָנגעשפּאַרט דעם שטערן אָן די הענט,
צו די פינגערפּיס געווענדט. —
אַן אסיפה מיט די גלידער.
איך אַליין בין איבער אַלע.
און מיר שמועסן שטומערהייט
וועגן אחדות נאָכ'ן סוף...

## צום סוף

פון קאָפּ ביז די פּים אַ באַליידיקטער —
וועט מיך ציען אַראָפּ.

מיט אַלע כּחות וועט עס מיך ציען.
זיך אויפגעבן.
זיך אונטערגעבן.

עס וועט מיך ציען זיך אויסצעציען.

מיט זיסע סמ'ען וועט עס מיך ציען.

איך וועל אויסגיין אויסצוגיין.
אַוועקצעפאַלן.
מיט מעכטיקן אָנמאַכט צעפּראַלן.

וועט זיין מיין לעצטער זיין —
מיט'ן לעצטן קלאַפּ אין האַרץ.
מיט'ן לעצטן רויש אין מיינע אויערן.
מיט'ן לעצטן ווינט אין מיינע נאָזלעכער.

— אַ טראַכט. —

— אַ געדאַכט. —

אַ בליץ צו אַלץ:
צום ווידערזען.

## אַ שפּאַס

וועז איך — וועל ניט זיין — וועט גאָרנישט ניט זיין.
וואָלקנס וועלן הייגגען — און ניט רעגענען.
וואַסערן וועלן זיך פאַרהאַלטן. — גענוג.
ווינטן וועלן זיך ניט רירן פון די ערטער.

זון וועט זיך ניט ווייזן.
לבנה אויך ניט.
שטערנדלאך אודאי ניט.

צו וואָס ?
פאַר וועמען ?

## אַ גייענדיקער בוים

וויפיל מאָל איך האָב שוין אויפגעבליט!
וויפיל מאָל איך האָב שוין אָפּגעבליט!
אַ פרילינג — איבער אַלע מיינע הערבסטן.
איך בין אַ שטאַם פון בלינדע ערדן.
אַ גייענדיקער בוים.
אַ פלאַנץ מיט אַלץ אין רוים.
איך וויג זיך אום מיט ווייטעניש פון ווינטן.
איך וויים אַ ווייסע וויסעניש פון וויסטן.
איך וואַקס אין פרעמדעניש — מיט אַלע ווילדן.

# ליכטיקע מינוטן

אויפֿגעלויכטענע מינוטן —
הייליק.
ערלאַך.
ביז צום אויסצוגיין פֿון וואונדער.

איך חלום לויטער ליכטיקייטן —
און עס טוט מיר וויי.

יעדער לויטערקייט מאַטערט מיך.
איך ווער פֿאַרצערט פֿון צויבער.

איבער אַלץ דערזע איך טרויער.

אַלע מענטשן — ליכטיקע עלנטן.
אַלע אַמאָלן — לויטערע אומעטן.

צייטן און מענטשן — אויסגעפּוצטע האַרבסטן.
יאָנטעוודיקע אונטערגאַנגען.

צויבער־צער.
ציטער־צער.

## פאַרוואָס בין איך אַזוי

פאַרוואָס בין איך אַזוי אַזוי נישט אַזוי.
פאַרוואָס בין איך נישט אַזוי:
אַזוי, — און נישט — אַזוי נישט אַזוי.
יעדער איז אַזוי:
אַזוי, — און נישט — אַזוי נישט אַזוי.
און איך בין אַזוי אַזוי נישט אַזוי.
פאַרוואָס בין איך אַזוי.

## געשטאַלטן

די ווייסע וועש אויף די שטריק —
היינגען נאָך.

העמדער —
מיט פאַנאַנדערגעצויגענע אַרבל —
יעזוסלאך...

העמדער —
מיט צעפּראַלטע העלזער צו דער ערד, —
און איבער זיי אַראָפּגעלאָזענע אַרבל —
הענט פון דערמאָרדעטע ברידער...

ווייסע קליידער —
זקנים אויף תּליות...

אַ טיכל —
אַ פאַרציטערטע רחל׳ע...

לייל̃אַכער, האַנטיכער —
ווילדער המון...

בייכיקן זיך אַלע אויף די אומעטיקע דעכער,
אין יענעם געלן ווינטיקן פאַרנאַכט...

## מיינע פינגער זיינען אידן

מיינע פינגער זיינען אידן;
יונגע, אַלטע, אַלערליי.
קוקן אוים צו זיין למדנים. —
שטענדיק טראַכטן זיי.

ווען זיי מאַכן אַן אסיפה
און זיי רוקן זיך צונויף;
זע איך ווי דער מינדסטער פינגער
שפּאַרט זיין פּנים׳ל אַרויף.

און ער הערט זיך איין דערשראָקן,
ווי זיי שטוינען שטומערהייט.
און דער נאָגל אויף זיין שטערן
פילאָזאָפיש איז פאַרדרייט.

ווען איך האַלט אַ בוך צעעפנט,
קוקן זיי אין אים אַריין,
מיט די העלזער אויסגעצויגען:
ווערטער, זאָגט אונז, וואָס וועט זיין?...

## געוועזענע מענטשן

אַט דאָ — וואו איר — איז ער — געוועזן.
איז זי — געוועזן — אַזוי ווי איר.
האָט ער — געמיינט,
האָט זי — געמיינט,
אַזוי ווי מיר...

איז ער — ניט מער.
איז זי — ניט מער.
ניטאָ שוין מער...

נאָר איך — בין נאָך.
און איר — זענט נאָך.

איך רייד מיט אייך — און טראַכט פון זיי.
זע איך זיי — און וויין אויף אונז...

## געוועזענע זאַכן

אַז איך פאַרמאַך די אויגן,
פאַל איך אַריין אין אַ רוישיקן לופט-ים פון פאַרבן.
איך זע פאָרמען פון געוועזענע זאַכן
יאָגן זיך צו מיר פון אַלע וועלט-ווייטן;
„ער איז דאָ! ער איז דאָ!“
און פאַלן צו די אַלטאַרן אויף מיינע צוגעמאַכטע אויגן...
פלאַטערן אַרום די טעמפּלען אין מיינע אויערן...
און שטאַרן אין מיר אַריין זייערע תפלות:
„האַר פון דער וועלט! האַר פון דער וועלט!“

# אין אַלע זאַכן זיינען דאָ פֿאַרנאַכטן

אין אַלע זאַכן זיינען דאָ פֿאַרנאַכטן.
אימה'דיקע אומעטן.
אַליין.
פרעמד.
פרום.

שטום פרום.
דום פרום.

בויג — בוקט.
קרום — קניט.
גלייך — גלאָמפּט.

שטאַר.
גאַר.
שטומער צער.

## וועלט רעדט

שטיל — שרייט.
רו — ראַשט.
אין שטילעניש.
אין הוילע הילעניש.
אין הילע איילעניש.
אין העלע הוליעניש.

וועמעם וועלט ?
וועלטס וועלט.
ווילדס וואַלד.
וואַסערס וויסט.
וויכערס ווינט.

## פאַרנאַכט

מיינסט נאָר דו אַליין ווערסט אומעדיק פאַרנאַכט?
אַלע זאַכן אויף דער אומעדיקער ערד,
ווערן אומעדיק פאַרנאַכט.

זע די אויפגעגלאָצטע הייזער,

די דערשראָקענע שילדן,

דאָס בלאַסע שפּענדעלע פאַר דיינע פיס.

די גראָזן ציטערן ווי קליינע קינדער
אויף די פינצטערע פעלדער.

אפילו דאָס רוישן פון די ווייטע וועגענער
ביי די ווענט פון דער וועלט...

דו הערסט?

# אַלע ווילן וואַרעמקייט

גאָלדנזייגערל.
האָלצנקעסטעלע.
שטויבנשטיינדעלע.
איך פיל די פרייד אין זיי.
איך זע געבעט אין זיי:
גלעט מיך.
האַלט מיך.
מענטש.

# אויף די פעלדער

ווינטן פלאַטערן פאַר מיר
מיט דער בייִנקשאַפט פון די וויסטן.

די גראָזן ציטערן פאַר מיינע פיס
מיט'ן פחד פון די וועלדער.

די זון זיידט אַראָפּ
און באַזיינט מיך מיט די הויכן.

דער קוואַל קוועלט אַרויף
און קילט מיך מיט די טיפן.

אַ פליג ראַשט פאַרביי:
זשזשזש!
און זשומט אין מיר אַריין די ווילד —
פון איידער דער וועלט...

# איך בין אַ רבי

איך בין אַ רבי.
איך אַליין דער חסיד.
און איך הער:
דער רבי וויינט.
שטילערהייט.

קול.
אַליין אַ לשון.
טענה'ט.

צו פאַרצייטן.
צו פאַראויסנדיקע ווייטן. —
ס'איז איינס.
ס'איז הויך.

רבי איז אַליין.
זיינע פריידן זיינען לויטער צער.
ציטערדיק.
דין.
אַהין.
אַהין.

# דעם רבינס הויז זאָגט תורה

שבת בייטאָג.
אַ אידיש שטעטל.
אַלע אידן שלאָפן.
שטיבער זיינען וואַך.
פאַרטראַכט.

שבת אויף די טרעפּ.
אויף די פענסטער,
אויף די קוימענער,
אומעטום — שבת.

דעם רבינס הויז זאָגט תורה.
תורה צו שטיבער.
שטומערהייט.

## די תורה

מיר האָבן זון,
מיר האָבן רעגן;
אַמאָל — שניי,
אַמאָל — האָגל.

זיי — וואַשן אונז.
זיי — לייטערן אונז.

הויכע הייזער — קריגן פריער,
נידעריקע — קריגן שפּעטער.
אַן אונטערשיד — אַ רגע׳לע,
אָבער אַלע — קריגן.

גאָט׳ס — גאָב —
אויף אַלעמען אַראָפּ.

ביי אונזער גאָט,
איז יעדע הויז —
אַ היכל אלהים,
גאָט׳ס אַ פּאַלאַץ,
דאָס קלענסטע שטיבעלע אפילו.

און פעלט אַ הויז אַ שטיקל דאַך,
און פעלט אַ הויז אַ שטיקל שויב, —
אויכעט גאָט'ס אַ פּאַלאַץ.

נישט דער דאַך איז די הויז,
נישט דער דיל איז די הויז,
אפילו נישט די ווענט,
אַלץ — צוזאַמען — איז די הויז.

אַ הויז דאַרף נישט מיינען:
איך — בין דאָס שטעטל.
אַלע צוזאַמען — איז דאָס שטעטל.

און שטייט אַ הויז אַליין אין פעלד,
איז זי דאָרטן נישט אַליין.
נישטאָ אַליין.
אומעטום איז ווער פאַראַן.
אַ בוים,
אַ גרעזעלע,
אַ שטיינדעלע,
אַלע — גאָט'ס געשטאַלטן.

נישט כדאי זיך גרויס צו האַלטן מיט דער הויך,
מיט דער ברייט.
קיינער דערלאַנגט ניט דעם דאַך פון די הויכן.
קיינער דערגרייכט ניט די ווענט פון די ווייטן.

און ווייל מיר זיינען פון ליים,
און ווייל מיר זיינען פון האָלץ,
און ליים איז דאָך ערד,
און האָלץ איז דאָך געוועזן בוים,
און בוימער וואַקסן דאָך פון ערד,

לערנען מיר דערפון:

מיר זיינען פון ערד.
מיר זיינען צו ערד.

אַלע צוועקעס זשאַווערן אין אונז,
אַלע געהילצן צעפאַלן אין אונז,
מיר נידערן,
מיר זינקען איין.

לערנען מיר דערפון:

אונזער תכלית — איז די טיף.
דער עיקר — איז די טיף.
נישט דער בנין אויבנאויף —
נאָר אונטער׳ן געבוי.

אַ הויז — איז מער ווי מיר זעען.
יעדע הויז — האָט אַ טיף אונטער זיך.

לאָמיר זיך פֿאַרטראַכטן.
מיט אונזערע בוידעמער־קעפּ.
מיט אונזערע פֿענסטער־אויגן.
מיט אונזערע טירן־מײַלער.

ניט מורא האָבן פֿאַר יאָרן,
פֿאַר אַ בליץ,
פֿאַר אַ דונער.

אפילו נאָך אַ שׂרפֿה —
בלײַבט דער גרונט,
דער פֿאַרבאָרגענער,
מיט דער ערד —
דער אייביקער.

פערטער בוך

# אַלע צוזאַמען

## אין פיר טייל

(פון מיינע אימפּראָוויזאַציעס)

די ערשטע פידל.
די צווייטע פידל.
אַ פלייט.
אַ קאָרנעט.
אַ גרויסע טרובע.
אַ טראָמבאָן.
אַ קלאַרנעט.
אַ פויק.
אַ קאָנטראַבאַס.
די קאַפעליע שפילט.

## אַ קאַפּעליע קלעזמער אויף אַ חתונה.

### די ערשטע פידל

אַ פידל ליגט מיט׳ן פּנים אַרויף
און פרייט זיך וואָס דער בויגן איז אומרואיג אויף איר:
נאָך! נאָך! ס׳איז גוט.

קלאַנג פון פידל —
איבעראַשט.
באַנייט.
וועקט אויף ווייטן.
גרויסער יום־טוב!

דער וואָס שפּילט אויף דער פידל איז אַ דינער מענטש —
אַ שטילער.
ער מיינט אַלעמאָל ער האָט ווּעמען אָנגעטראָטן —
ענטשולדיקט.

ער ציט אָן די פידל:
אַ! ——— אַ! ———
— דאַכט זיך דער קלאַנג האָט אַ פלעק,
אַ שפּרינקעלע.

ער וואָלט וועלן עס זאָל זיין אַזוי ווי סאַמעט.
אַזוי ווי מיט די פינגער איבער לאַנגן סאַמעט א גלעט :
גלאַ — אַ — אַ — אַ — אַט.

נאָכאַמאָל :
אַ ! ——— אַ ! ———

די גאַנצע וועלט קלינגט אין זיינע אויערן.

ער הערט איר רוף פון אַלע וועלטן.

אין שטילסטער רו — הערט ער ווי זי וויינט.

וועלט וויל ווערן אַנדערש.

איידער די וועלט איז געווען —
איז קלאַנג געווען.

תוהו ובוהו האָט געוואָלט ווערן אוים תוהו ובוהו —
האָט זי געוואָיעט איבער אַלע וויסטן.

קלאַנג האָט זיך געטויכט און געהויכט איבער אלע ווילדן.

תוהו ובוהו האָט געוואָלט זיך כאַפּן ביים אייגענעם עכאָ —
האָט זי זיך נאָכגעשריגן —
אַ ! ——— אַ ! ——— אַ ! ———

# די צווייטע פידל

די צווייטע פידל האָט ניט קיין סך נחת —
בלויז אַביסעלע.
מילא, אַבי עפּעס:
אימטאַ — אימטאַ — אימטאַ טיטאַ.
אימטאַ — אימטאַ — אימטאַ טיטאַ.

דער וואָס שפּילט אויף דער צווייטע פידל
איז אַן אונטערהאַלטער.
ער האַלט אונטער דעם ערשטן פידלער.

פאַר זיך אַליין — נישט —
נאָר פאַר יענעם.

יענער שפּילט אויף אַלע אָקטאַוון,
און ער באַגלייט מיט קורצע אַקאָרדן:
יאָ — ס׳איז אמת —
יאָ — ס׳איז אמת —
כאָטש ווילן וויל ער נישט.

אַז מ׳הויבט אָן שפּילן — הויבט ער נישט אָן.
— ער טאָר נישט.

ער האַלט גרייט דעם בויגן איבער׳ן פידל און וואַרט.

האָ האָ! — מ׳שפּילט שוין — טוט ער זיך אַ כאַפּ:
אימטאַ — אימטאַ — אימטאַ טיטאַ.
אימטאַ — אימטאַ — אימטאַ טיטאַ.

אַמאָל, ווען מ׳שפּילט נישט —
שפּילט ער שטילערהייט פאַר זיך אַליין.

ער וויל הערן ווי ס׳וואָלט געקלונגען פאַר אַלעמען —
ווען ער — ווערט יענער, דער ערשטער פידלער.

— לייגט ער אַוועק די לינקע באַק אויפ׳ן פידל
און צוויאָגט זיך אינדערשטיל מיט אַ רעכט ווייַנענדיקס,
אַזוי ווי יענער צום באַדעקנס:
אידל! — לידל, לידל, — לידל, לידל, אידל! —

האַ האַ! — מ׳שפּילט שוין — טוט ער זיך אַ כאַפּ:
אימטאַ — אימטאַ — אימטאַ טיטאַ.
אימטאַ — אימטאַ — אימטאַ טיטאַ.

## אַ פּלייט

אַ פּלייט קען נישט לאַכן.

דאָס פריילאַכסטע ווײַנט זי אויס.

איר קול איז טונקל־בלוי.
צאַרט.
פאַרצערט.

דערציילט פון צער.
צער פון איצטער.
פון פאַרצייטן.
צער אין אלע צייטן.

דינער קול דורך ווייטער וועלט — ציט זיך. ציטערט.

דער וואָס שפּילט אויפ'ן פּלייט —
אַ טרויעריק געשטאַלט אין דער קאַפּעליע.

מ'פרייט זיך אַרום אים —
און עס פרייט אים נישט.

יעדערער שפּילט פון זיך — צום אַנטקעגן.
די וועלט איז פ אַ ר די אויגן.

א פלייטיסט שפּילט פון זיך —
אויף א זייט...

דאָס גאַנצע לעבן בלאָזט ער אַוועק אויף א זייט.
ווייס איך וואָס — פי — טיו.

ער פאַריאָגט אַליין דאָס לעבן דורכ׳ן פלייט
— און וויינט מיט דינעם ווינט אין פלייט אַריין:
וואו וואו וואו?

# אַ קאָרנעט

אַ קאָרנעט קען נישט וויינען.

מ׳ווײנט אין אים אַריין און ער לאַכט אַרויס:
כאַ־כאַ־כאַ.

דער קלענסטער אין דער שפּילערשער משפּחה
און שרייט אַלעמען אַריבער.

אַ פֿאַנטאַן פֿון טענער.
ער קוואַלט און שאַלט צו ווייטע הויכן.

ער צושפּריצט זיך.
ער צופּלייצט זיך.
ער דערפֿרישט די וועלט.

פֿרייד דער וועלט!

זיין קול איז קלאָר.
ער פּראַלט מיט זון.

ליכט פֿון הימל אַראָפּ.
ליכט פֿון קאָרנעט אַרויף.

דער שר פֿון מעש — שטראַלט אַרויף צו רוימען.

אַ געליטערטער פֿון ערד.
אַ שליח פֿון די גרונטן.

ער דערציילט פֿאַר זיי דעם ווילן פֿון די שטומע טיפֿן.

ער באַלייכט פֿאַר זיי דאָס וואַרטן
פֿון דער דיקער פֿינסטערניש.
הימל — ערד — צוזאַמען!

ער זינגט געזאַנג פֿון באַנג.

זאָגט אויס.
זאָגט אָן אין פֿאָראויס.
אַ נביא מיט ליכטיקע בשורות.

דער וואָס שפּילט אויף'ן קאָרנעט —
וויל נאָר אַרויף, צו דער הויך:
פֿאַראַבאַ פּאַ פּאַ פּאַ פּאַ פּאַ פּאַ!
איבער די דעכער,
איבער די בערג,
איבער די וואָלקן.

ער האָט טענות צום הימל:
פּאָראַ! פּאָראַ!

אַ מענטש זעט הימל,
האָט ער הענט און קען אים נישט דערלאַנגען —
דערגרייכט ער אים מיט'ן קול:
פּראַמפּאַראַ! פּראַ! פּראַ!

ער טוט תּפלה צום הימל.
ער מאָנט:
פּאַ! פּאַ!

— הימל! הימל! הער!
אַ מענטש פֿון דער ערד שרייט צו דיר אַרויף!

# אַ גרויסע טרובע

אַ טרובע איז צונויפגעדרייט און קען זיך ניט אויסציען —
איז זי בייז:
פו! פו! פו!

זי מיינט, אַז מיט'ן שרייען וועט זיך זיך קענען אויסגלייכן.

מיט דער פידל קריגט זי זיך אַלעמאָל.

וואָס די פידל זאָגט —
זאָגט — זי — פאַרקערט.

זי שפּילט מיט איר צעלאָכעס.

פידל ליגט זיך אוים-גע-צויגן
און פרייט זיך מיט אַ דין געלעכטערל.
פאַרגינט איר נישט די טרובע;
וויל זי איר פאַרוואַרפן מיט גראָבע קולות'דיקע קאָלדרעס:
פו-פו פו פו!

דער וואָס שפּילט אויף דער טרובע —
וויל — נאַר —
אַ —
ראָ —
— אָ —
אָפּ.

ער דונערט אין די טיפֿן.
ער וויל דערגרונטעווען.

אויבן —הימל.
אונטן — וואַסער.
אינמיטן — ערד.

אינמיטן דרינען — — ער.
אַ טרובאַטש. —
ווייל ער ווייסן וואָס ס׳טוט זיך אונטער אים:
גראָבט ער מיט די טענער אַלעמאָל נידעריקער.

יעדער טאָן גראָבט אויס אַ גרוב פֿאַר׳ן קומענדיקן טאָן.
פּורו־פּו־פּו פּו פּו פּו פּו פּו.

דעם לעצטן טאָן הערט קיינער נישט.
ער אַליין הערט אים אויך נישט.
אָבער בלאָזן בלאָזט ער.

ער וויל דערגיין ביז - צום - סוף.

דאָרט וואו ס׳לאָזט זיך אויס די וועלט
און ס׳איז שוין —
לע־ע־ע־ער.

אַמאָל איז ער מקנא דעם קאָרנעטיסט.
אַ קאָרנעטיסט דערגרייכט דעם הימל — מיט אַ קוויטש.
אַזוי מיינט ער...

און ער —
איז אַלעמאָל אַראָפּ אין דר'ערד אַריין,
און קען נישט דערגרונטעווען.

ווייל ער אויך מאַכן מיט אַ קוויטש, צו דער הויך,
אַזוי ווי דער קאָרנעט.

מאַכט ער:
פּררר! — ס'גייט נישט.

נאָכאַמאָל:
פּר־ררר! — ס'גייט נישט.

זעט ער אַז ער קען נישט —
נעמט ער זיך אָן מיט מוט
און יאָגט זיך אַראָפּ אין דר'ערד אַריין:
פּורו־פּו פּו פּו פּו פּו פּו —

אַראָפּ, ווי אַרויף, —
דאַרף מען האָבן מוט.
אַראָפּ —
נאָך מער.

דאָ איז אים גוט.
דאָ איז ער ביי זיך אין דער היים.

# אַ טראָמבאָן

אַ טראָמבאָן איז אַ שווינדלער.

קיין וואָר וואָרט האָט ער נישט אין זיך.

מ׳טאָר אים נישט גלויבן פון דאַנען — אַהין...

ער ציט זיך איין און ציט זיך אויס אין איין אָטעם.

ער יאָגט זיך אַריין און אַרויס און לייקנט.

ער איז באַשאַפן געוואָרן צו שווינדלען.

אַ טראָמבאָן גיט אַ טאָן און כאַפּט אים גלייך —
צוריק. ———

ער טוט און עס טוט אים באַלד —
באַנג. ———

ער זאָגט: איך האָב געזאָגט ? —
ניין. ———

דער וואָס שפּילט אויפ׳ן טראָמבאָן —
האָט איין אויג.
ער האָט צוויי —
אָבער איין אויג איז קליגער פונ׳ם אַנדערן.

ער — שפּילט
און די רעכטע באַק איז אויפגעבלאָזן
און דאָס לינקע אויג איז האַלב פאַרמאַכט
און ס׳זעט אינגאַנצן
און ס׳לאַכט פון אַלעמען:

אַז וואָס? —
טראָם-באָן.
טראָם ——— אַהין.
באָן ——— צוריק.

דאָס גאַנצע לעבן איז אַהין
און באַלד צוריק.

מאַן און ווייב. —
מ׳גיט זיך איינס דאָס אַנדערע
און מ׳כאַפּט זיך צוריק.
מ׳האָט זיך איינס דאָס אַנדערע
און מ׳זוכט זיך.
נעם!
און מ׳קען נישט נעמען.

מ׳נעמט זיך אַרום און מ׳לאָזט זיך אָפּ.
מ׳טוליעט זיך צו —
און מ׳רוקט זיך אַוועק.
אַ ציטערניש אַזאַ.

# אַ קלאַרנעט

אַ קלאַרנעט איז אַ נאָכמאַכער.

קיין אייגן קול האָט ער נישט — מאַכט ער אַלעמען נאָך.

ער זעט אויס ווי אַ פלייט
און שרייט ווי אַ קאַרנעט
און בייזערט זיך ווי אַ טרובע
און חנ׳דלט זיך ווי אַ פידל.

ער קען אפילו באַוויינען די כלה אין אַ נויט.

דער וואָס שפּילט אויפ׳ן קלאַרנעט —
איז גראַד אין זיין געמיט.
מיט׳ן בייטן אָפט די שטימען אין זיין שפּילן —

האָט זיך איינגעשטילט אין אים...

ער בלאָזט געפערליך און עס אַרט אים נישט.

אַז ער לאָזט זיך אַראָפּ אויף די גראָבע טענער —
כאַפּט ער אַ קוק אויף דער טרובע...
— ער וויל שוין קלוימערשט דערגרונטעווען...

אַמאָל, ווען ער וויינט מיט אַ קוויטש —
ווייזט זיך אים אויס אַז ער וויל עפּעס דערגרייכן,
אָבער ער וויל נישט.

ער ווייסט נישט וואָס ער זאָל וועלן.

ס'איז אים נישט — גוט, נישט — שלעכט.
ס'איז אים גלאַט.
גלאַט אַ קלעזמער.

אַז מ'שטעלט אָן די כלים —
גיט — ער — דעם טאָן.

נאָך נישט — ער האָט צייט.

די קלעזמער קוקן אויף אים און וואַרטן
און ער — באַלעקט זיך עטליכע מאָל.

דערנאָך באַלעקט ער מיט די ליפּן
דאָס פּיסקל פון קלאַרנעט.

דערנאָכדעם איז אים איינג דער קאָלנער —
ציט ער איבער'ן קאָלנער דעם האַלז.

דערנאָכדעם טוט ער אויף גיך אַ פאַריכט די וואָנצן,
אַ הויב די אַקסעל,
אַ כאַפּ דעם קלאַרנעט אין מויל אַריין
און בלאָזט זיך אָן אויף ביידע באַקן:
נאַט אייך דעם אמת'ן טאָן —
אַ! — אַ! — אַ! — אַ!

כאַפּן אַלע דעם טאָן.
יעדער אויף זיין אינסטרומענט.

די פידל:
אַ! אַ! אַ! אַ!

די פלייט:
פּי! פּי! פּי! פּי!

דער קאָרנעט:
פּראַפּאַראַ! פּראַ! פּראַ!

די טרובע:
פּרו! פּו! פּו!

אַ טומל אין דער קאַפּעליע.

אַ שמחה אויף כלי־זמרים —
דערלעבט אַ נחת.

טענער דרייען זיך אַראָפּ און אַרויף
און טאַנצן אַרום דעם טאָן.

געפּאַקט אַ טאָן
און מ׳ווייסט נישט וואָס צו טון מיט׳ן טאָן.

אַ חתונה ביי טענער.
טענער מאַכן חתונה אַ טאָן.

זיוויג — איז האַרמאָניע...
זיי פּאָרן זיך זייער געשמאַק.
אַ מחיה צו הערן.

דער קלאַרטעניסט האַלט דעם קלאַרנעט
אויפגעשטעלט אויף די קני און שמייכלט.

## אַ פּויק

אַ פּויק איז פון אייזן אַז זי האַלט עס אויס.

דער וואָס שפּילט אויפ'ן פּויק — שפּילט נישט —
ער קלאַפּט.

אין איין האַנט האַלט ער אַ שטעקן —
זעץ! אין בויך אַריין.
און מיט דער צווייטער האַנט —
טאַצט ער איר מיט טאַצן איבערן קאָפּ:
באָם! צאַ צאַ.
באָם! צאַ צאַ.

און די נאַרישע פּויק לאָזט זיך;
בוכצע, בוכצע, אַבי פאַרלאָז מיך ניט.

ס'איז ביי איר אַ קרן וואָס ער האַלט זיך מיט איר.

די כלי־זמר פּושקע
שטייט אויף אַ באַנק אונטער אים.
קוקט ער אַלעמאָל צו איר.

אַז מ'וואַרפט אַריין אין איר אַ זילבערנע מטבע —
נעמט ער זיך שטאַרקער צו דער פּויק
און גיט איר צו אין איילעניש
אַן איבעריקן טאַץ פון פרייד.

די גרעסטע קלעפּ כאַפּט זי פון אים אַריין
אויפ'ן וועג צו דער חופּה.

ער טראָגט איר אויפ'ן האַרצן
און דאָס גאַנצע שטעטל רוישט מיט אירע קולות.

זי שרייט אויף די פענסטער,
אויף די דעכער,
אויף די קוימענער,
זי פאַרטומלט אַלעמען די קעפּ.

און ער, דער פויקער, האַלט דעם קאָפּ אַרויף
און וויל נאָר געהן צום אָנהויב.
ער שפּאַרט זיך דורך אַלע מחותנים.
ער וויל זיין דער ערשטער פון דער קאַפּעליע,
דער פירער פון דער חתונה.
באָם! — צאַ צאַ. — — איצאַ צאַ צאַ.
באָם! — צאַ צאַ. — — איצאַ צאַ צאַ.

# אַ קאָנטראַבאַס

אַ קאָנטראַבאַס איז דער זיידע פון די פידעלאך.

די גראָבע טרובע קער אים אָן אַ מומע.

ער איז דאָ דער ראש.

דאָס גרעסטע געשטאַלט אין דער משפחה.

ער רעדט איידעלע רייד מיט אַ גראָב קול.

ער שטייט מיט אַ גרויסן בויך צו דער וועלט:
נאַט! נעמט!

איך האָב אינגאַנצן פיר סטרונעס.
ווען איך האָב נאָך — וואָלט איך אייך געגעבן.
איך האָב נישט מער.

דער וואָס שפילט אויפ'ן קאָנטראַבאַס —
האַלט זיך הויך.

ער איז שטאָלץ ביי זיך:
איינער אַליין זעגט ער מיט'ן בויגן אויפ'ן באַס-בויך.

ער שטייט שטאַרק
און שפילט שטייף.
שאַרף.

ער שניידט פאַסן טענער מיט׳ן בויגן.
סטע — קאַ — טאָ.

ער טעסעט שטיקער קלאַנגען פונ׳ם באַס.

ער מאַכט שטאַכעטן פון קולות.

ער פאַרצאַמט צום טאַקט.

ער האָט איין אמת — ווידערהאָלט ער אים אַלע מאָל
אַלעמאָל דאָס זעלבע:
— פאַם פימפאַם פיידאַם פיידאַם
פיידאַם פימפאַם פאַם.

— — — — — — — — — — — — — — — —

ער האָט אין גאַנצן עטליכע טענער צו שפּילן —
אָבער ער איז פול מיט מוט.

ער האָט אַ טשוביקל —
היינגט עס אַרונטער אויפ׳ן שטערן.
שפּילט ער —
און די אַקסל מאַרשירן אַרויף און אַראָפּ.
און דער קאָפּ דרייט זיך לינקס און רעכטס.
און דאָס טשוביקל וואַרפט זיך
און באַרימט זיך פאַר׳ן לינקן אויג:
טו נאָר אַ קוק וואָס דאָרטן אונטן טוט זיך אָפּ!
— פאַם פימפאַם פיידאַם פיידאַם...

## די קאַפּעליע שפּילט

מזל טוב !

— — — — — — — — — — — — — —

גאָט זאָל העלפן !
לחיים !

האַ — — — — — — — האַ — — — — — — — —

קולות פליען אין דער לופט —
מ׳זעט זיי דורך די אויערן.

אַ דין קול,
אַ גראָב קול, —
איינס אויף דאָס אַנדערע...

קולות קושן זיך.

דערזעען זיך,
דערפרייען זיך —
האַ האַ ! און אויס...

אַרויסגעכאַפּט זיך —
פאַרפאַלן.

אַלעמאָל אַנדערע...
מענטשן האָבן זיך פאַרגעסן —
און טאַנצן.

דערהויבענע אָרימס,
פרייליכע פיס,

מ׳טופעט אויף דער ערד און מ׳וויל פליען —
מ׳קען נישט.

די עלטערן פרייען זיך מיט די קינדער
און זייערע אויגן זיינען אָנגעלאָפן מיט טרערן.

מ׳פרייט זיך און מ׳וויינט.

זיי פרייען זיך מיט די קינדער
און וויינען אויף זיך,

זיי פרייען זיך וואָס זיי לעבן נאָך
און וויינען שוין אויף זיי.

ס׳איז נישט קלאָר...

גרויסע פינסטערניש אויף דער וועלט
און די לאָמפּן בליצן...

אונטער די טריט ליגן דורות.

אונטער׳ן טראָט איז דער סוף.

איבער'ן סוף הויבט זיך אָן.

אויפגיין אויף פאַרגיין.
דור אויף דור.

די נאַכט איז אויך אויף דער חתונה
און הערט זיך איין פרעמדערהייט,
און גלאָצט אַריין דורך די פענסטער.

דער וואָס שפּילט אויפ'ן קאָנטראַבאַס—ער האָט איין אמת,
ווידערהאָלט ער אים אַלע מאָל,
אַלע מאָל דאָס זעלבע:
— פּאַם פּימפּאַם פּיידאַם פּיידאַם...
אָבער שוין אָן ווילן, אָן מוט.
אַז ווער הערט אים איצט! —
אַזאַ גערויש...

שפּעט ביינאַכט,
אין גערויש,
וויל ער שלאָפן.
אוי שלאָפן.

די גאַנצע וועלט דאַרף שלאָפן.
שוין נאָך אַלעמען.
מ'איז שוין דאָ געווען.
אויסגעקוקט.

אָפּגעטאָן וואָס מען האָט געקענט.
אוועק...
מער — קען מען ניט...

מענטשן ווילן נישט גלויבן.
האָ! — אַ וועלט! — לאָזט נאָר מיך! —
און הויבן אָן פון אָנהויב אָן:
די וועלט און דאָס לעבן איז ————————————
— — — — — — — — — — — — — —

אַלע מאָל דאָס זעלבע:
— פּאָם פּימפּאָם פּיידאָם פּיידאָם...

ער האָט אַ טאָכטער אין וואַרשע, שרייבט זי אים:
איך קען ניט לעבן מיט'ן מאַן, איך פאָר צוריק אַהיים... —
מילא, זאָל זי קומען.
אַלע מאָל דאָס זעלבע:
— פּאָם פּימפּאָם פּיידאָם פּיידאָם...

ער האָט אַ אינגעלע, הייסט ער משה'לע.
עס גייט צו ווינטער, מוז ער האָבן אַ פּאָר שיכעלאַך.
וואו־זשע נעמט מען...
אַלע מאָל דאָס זעלבע:
— פּאָם פּימפּאָם פּיידאָם פּיידאָם...

אַ רחמנות אויף אַ—לע—מען.

פון הינטער די בערג ווייזט זיך אים אוים שרייט אַן אוים-
גצוויגן קול
ווי א רעגנבויגן אויסגעבויגן,
אזוי ווי מ'דוכנ'ט:
ווישמיירע—כע—כו—הו—הו—הו—הו! —

ס'איז ניט וישמרך —
אַ האָן האָט גאָר געקרייט:
קוקורו — קו — רו — הו — הו — הו!...

ער שלאָפט שוין אויפ'ן באַם קאָפּ.

מיט'ן פנים צו דער התונה.

זיינע ליפּן ליגן איינע אויף די אנדערע צום פּאָראוים.
ער זעט אוים ווי ער פרעגט אין שלאָף:
וואָ — אָ — אָ — ם?

ער כאַפּט זיך אויף און קוקט זיך ארום אַ דערשראָקענער—
האַ! אַ וועלט! — לאָזט נאָר מיך! —
— פּאַם פּימפּאַם פּיידאַם פּיידאַם...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אַלע מאָל דאָס זעלבע...

— — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — —

אַ שטעטעלע.
דריי שטיבער.
אַ קוימען, אַ טויער, אַ טאָפּ.
מיט אַמאָל — אַ חתונה אין שטעטל.
דריי פענסטער.
שטעקעלאך פון קלאַנגען.
אַ רויך.
אַ בעל עגלה.
אַ איד עסט וועטשערע.
אַ מיידל אַליין.
אַ בחור מיט אַ מיידל.
אַ פאַרליבט פּאָרל.
מאַן און ווייב.
צוויי אידן טרינקען לחיים.
נאָך צוויי אידן טרינקען לחיים.
נאָך צוויי אידן טרינקען לחיים.
נאָך צוויי אידן טרינקען לחיים.
ווייבער טרינקען לחיים.
צו באַדעקנס.
דריי אידענעס וויינען.
איין אידענע טראַכט.
דער בדחן.
דריי שלוחים.
פעטער משה טאַנצט.
די מומע באַסיע טאַנצט.
רבקה די אַלמנה טאַנצט.
אַן אַלט זיידעלע טאַנצט.
אַלטע באָבעס טאַנצן אויך.
איבער דער חתונה.
לבנה.

(פּראָלאָג).

# אַ שטעטעלע

אינמיטן וועלט אויף אַ פעלד — אַ שטעטעלע.

שטיבער, וואָס שטייט איר דאָ?
מענטשן זיינען דאָ — זיינען מיר דאָ.

מענטשן, וואָס טוט איר דאָ?
אונזער היים איז דאָ...

אַ דאַך פון שטרוי.
אַ דאַך פון שינדלען.
אַ דאַך פון טשערפּעס.
אַלע דעכער — סקאָס
אַראָפּ.

טריב,
טרויעריק.
יעדער אַראָפּ — איז טרויעריק.

יעדע הויז — אַליין.
אַוועקגעשטעלט — שטייט עס.
וואוהין זאָל עס גיין.
ווייטער איז דען בעסער?

## דריי הייזער

אַן אַלטע הויז. —
אָנגעשפּאַרט אויף קוליעס.
איינגעבויגן.
הכנעה׳דיק.
וואָס קען מען זיך העלפן?

אַ יונגע הויז. —
שטוינט:
טאַקע?
אַזוי וועל איך ווערן?

אַ מיטליאָריקע הויז. —
אַ פאַריכטע.
אַריינגעשטעלט אַ נייעם פענסטער —
קוקט די הויז קאַסאָקע,
אויף ביידע שטיבער מיט אַמאָל.
און לאַכט און וויינט.

# אַ קוימען, אַ טויער, אַ טאָפּ

אָט אַ קוימען.
ליגט ער אויפ'ן דאַך.
איבערגעקערט. —
ליג.

אָט אַ טויער.
הייגנט ער איינגעבויגן.
נאָר אויף איין זאַווויסיע. —
הייגג.

אָט אַ טאָפּ.
אַמאָל געווען אַ טאָפּ.
געטומלט.
געקאָכט.

שוין.
אָפּגעטומלט.
אָפּגעקאָכט.
צעבראָכן. —
ליגט ער אויף דער ערד.
צוריק אַהיים.
צו דער מאַמען.

אַלעמענס מאַמע.
אַלעמענס היים.

אַ טאָפּ.
אַ שטוב.
אַ מענטש.
אַלע — איינס.
איין — סוף.

## מיט אַמאָל — אַ חתונה אין שטעטל

פידל.
פלייט.
טראָמפּייט,
פּויק,
פריילאכע קולות.

צוויי מענטשן ווילן ווערן איינס —
דרייט מען זיך.

אין א הויז אַ חתונה —
דאָס גאַנצע שטעטל פרייט זיך.

## דריי פענסטער

איינער א פענסטער.
אַ ברייטער.
אַ בייזער.
אַ פענסטער באַלעבאָס.
קוקט ער מיט אַ באָס:
היינט ביי אונז אַ חתונה!

אַן אַנדער פענסטער.
אַ שמאָלס.
אַ לאַנגס.
אַ פענסטער־זי.
אַ קאָקעטקע.
קוקט זי מיט אַ קוויטש:
היינט ביי אונז אַ חתונה!

אַ קליין פענסטערל.
קוים וואָס סע קוקט.
באַרימט זיך:
הייט ביי אודז אַ האַסיע!

## שטעקעלאך פון קלאַנגען

שטעקעלאך פון קלאַנגען
שפּרינגען
און פּויקן אויף די דעכער
און וועקן אויף די שטיבער:
שטיבער!
היינט ביי אונז
אַ! אַ! אַ! אַ!
אַ חתונה!

## אַ רויך

פון אַ קוימען —
טאַנצט אַרוים אַ רויך
און צעפּליט זיך אין דער הויך
מיט אַ בשורה צום הימל:
הימל!
היינט ביי אונז אַהאַ! אַהאַ! אַ חתונה!

# אַ בעל עגלה

אַ בעל עגלה
פאָרט אַהיים מיט זיין פערד און וואָגן
באַרג
אַראָפּ.

שרייען די שטיינער אונטער אים:
באַל
באַל
באַל
באַל
באַלד...

עפנט זיך דער טויער מיט אַ קוויטש
אַזוי ווי אַ מויל ווען סע גענֹיצט:
היי————————————נט
ביי אונז אַ חתונה!

# אַ איד עסט וועטשערע

אַ איד עסט וועטשערע.
ביי זיך אין דער היים.
אַ פּשוט׳ע זופּ.

היינט ביינאַכט איז די זופּ —
אַ מחיה!

דאָס פענסטער איז אָפן.

פרייליכע קולות פון דער חתונה,
לויפן דורכ׳ן פענסטער,
און טאַנצן אַריין אין —
טעלער אַריין.

# אַ מיידל אַליין

אַ מיידל ליגט אויפ'ן בעט.
איינגעגנורעט אין אַ שאַל.

אַלע פרייען זיך —
איר איז אומעטיג.

ערגער נאָך פון אַלע נעכט.

אַלע האָבן חתונה.

ווען וועל איך ?

ווי אַזוי וועט ער אויסזען ?

פון וואַנען וועט ער קומען ?

אפשר וועט קיינער ניט קומען ?

יאָרן גייען אַוועק.
לאָזן איבער שרעק.
איין אַליין.

## אַ בחור מיט אַ מיידל

אַ בחור מיט אַ מיידל שפּאַצירן.
ווייט אַוועק פון שטעטל,
און ריידן...

פון ביכער,

פון דער ווייטער וועלט,

פון נייע צייטן. —

אָבער דאָס אַלטע קול פון דער חתונה
שרייט זיי נאָך:
גייט! גייט!
איך וועל אייך דעריאָגן!

# אַ פאַרליבט פּאָרל

אַ פאַרליבט פּאָרל —
אין אַ גאָרטן.
צווישן בוימער.
שטילערהייט.
געהיים.

היינט —
נאָענט.
נענטער.

אַ חתונה אין שטעטל. —
פלאַטערט.
לייטערט.
לינדערט...

קלאַנגען —
גלעקעלאך.
גליקעלאך.
פליענדיקע פריידעלאך.

ליכטיקע ליגנדלאך —  
צויבערן.  
ציען.  
צערייצן.  
צעפלייצן.

נישטאָ קיין זינד אין זינד! —

זינד — איז זיין.  
זיסער פיין.  
געזאַנג.

צוויי אין צוואַנג — איין באַנג.  
צוויי פריינד — איין פרייד.  
צוויי — איינסן.

גלידער —  
גליען.  
בליען.  
גלעטן.  
בעטן.

מ׳האָט — און מ׳בעט.  
מ׳טוט — און מ׳ביינקט.

מ׳וויל.
בעסער.
הייסער.
איינסער.

נישטאָ בעסער.
נישטאָ הייסער.
נישטאָ איינסער.
נאָר ווי מען דאַרף...

אַ צעציטער.
אַ צעצערטל.
אַ צעצאַפּל.
אַ צעפּלאַפּל:
אַ — אַ — אַ — אַ —

ס׳איז זיי היים — און זיי ציטערן.
ס׳איז זיי גוט — און זיי ווילן וויינען.

זיי האָבען נאָך קיינמאָל נישט חתונה געהאַט.

## מאַן און ווייב

מאַן און ווייב — גייען אין — שטעטל...
הענט — אין אַרבל.
קעפּ — אַראָפּגעלאָזט.

ער————————————פאָראויס.
זי —— נאָך אים.
———————————— אַהיים.

נישט פאַרליבט.
נישט צוקריגט.
גאָר — נישט.

די חתונה באַגלייט זיי מיט באַדויערן;

אויף דער חתונה.

## צוויי אידן טרינקען לחיים

לחיים !
גאָט זאָל העלפן,
מיר זאָלן טאַקע ווי זאָגט מען.

— צוויי שוואַכע אידן האָבן נישט קיין פּרנסה
און האָבן טעכטער.
זיפצן ביידע טאַטעס
און קוקן זיך אין די אויגן.

פון יעדן טאַטע קוקט אַרוים זיין הויזגעזינט.

ווייב און קינדער האָפן אויף זיין פּלייצע,
אויף די קנייטשן אין זיין שטערן ;
טאַטע, טו זיך אָן אַ כח.
טראַכט עפּעס צו.
זעסט דאָך.

איין איד :
גאָט זאָל העלפן,
מיר זאָלן טאַקע, ווי זאָגט מען.

צווייטער איד:
ווי זאָגט מען טאַקע עפּעס אַזוי...
אַז מיר זאָלן טאַקע, ווי זאָגט מען...

ביידע אידן מיט אַמאָל: —
צעוויגן זיך,
צעזיפּצן זיך,
צעזאָגן זיך אויפס'ניי:
גאָט זאָל טאַקע העלפן...
עפּעס טאַקע אַזוי, ווי זאָגט מען...

צוויי אידן זיינען אַריינגעפאַלן אין אַ בלאָטע פון בקשות
און טאָפּטשען זיך אין איר.

צוויי רעכטע הענט האָבן זיך פאַריגלט,
און הוידען זיך.

זיי מיינען שוין אַזוי צו פאַרבלייבן...

צו וואָס זיך דרייען איין אַליין?
אין צווייען איז שטאַרקער...

די קעפּ שאָקלען זיך אויף יאָ:
מסכים.

## נאָך צוויי אידן טרינקען לחיים

קורץ און שאַרף:
גאָט זאָל העלפן —
ביי קינדער,
ביי אייניקלאך,
ביי אור־אייניקלאך,
און ביי...

מענטשן ווילן אָן אַ סוף...
עס זאָל זיך ציען און ציען
מיט זיי אינאיינעם
אייביק.

## נאָך צוויי אידן טרינקען לחיים

ביידע בעלי־עגלות.
ביידע חסידים.

האָבן שוין געטרונקען עטליכע מאָל.
טרינקען נאָך אַמאָל.

איין בעל עגלה
באַדויערט מיט׳ן קאָפּ און זיפצט:
דער רבי האָט געזאָגט —
אַ מענטש איז ניט מער פון אַ בהמה.
פאַרשטעהסט?
מסתמא האָט ער געמיינט —
נישט מער פון אַ פערד.

אַ רבי מיינט מער ווי ער זאָגט.
ער דאַרף נאָר אָנווייזן דעם ריכטיקן וועג.
ווייטער — דאַרפן מיר אַליין דערפאָרן.

ווי מען פאָרט ביינאַכט אין פעלד —
פינצטער.

אַ פּייערל ווינקט פון ווייט.
דאַכט זיך אוים — אַ פּייערל אַליין.
מ׳קומט אַהין — אַ פולע קרעטשמע!

צווייטער בעל עגלה —
פאַרגאַפט.
די אויגן אויסגעגלאָצט.

ער זעט די וועלט:

אַ גאַנצע וועלט מיט איינגעשפּאַנטע פערד.
מ׳שלעפּט.
אַלע מאָל שווערער.

## נאָך צוויי אידן טרינקען לחיים

זיי זאָגן שוין גאָרנישט.

וואָס זאָלן זיי זאָגן?
ס׳איז דען צום זאָגן? —
אַ מענטש דאַרף האָבן בטחון
און זיך שטאַרקן.

לחיים!

## ווייבער טרינקען לחיים

ווייבער טרינקען נישט.
אַ זופּ, און שוין — שכור.

איין אידענע:
גאָט זאָל העלפן —
און צעוויינט זיך.

אַ צווייטע אידענע:
אַז גאָט העלפט אַ חתונה,
פאַרגעסט מען כאָטש די צרות אויף אַ ווייל —
און צעוויינט זיך.

אַ דריטע אידענע:
לאָמיר נישט זינדיקן מיט די רייד.
אַ שמחה,
דאַרף מען זיך פרייען —
און כליפּעט.

## צו באַדעקנס

די כלה זיצט,
אויסגעפּוצט אין ווייסן.
דער בדחן שטייט אויף אַ שטול.
דער פידלער נעבן אים.
ווייבער — אַרום זיי.
זיפצן.
ריכטן זיך צו וויינען.

## דריי אידענעס וויינען

איין אידענע —
האַלט שוין אָנגעגרייט דעם פאַרטוך.

אַ צווייטע אידענע —
וויינט, שוין.
מען מוז עס טאַקע וואַרטן אויפ׳ן בדחן?

אַ דריטע אידענע —
זייער אַ גראָבע.
די הענט פאַרלייגט.
שמייכלט.
בעט דעם בדחן מיט די אויגן:

בדחן, נו!
איך וויל שוין וויינען.
פון יעדע זאך האָט זי הנאה —
אפילו ווען זי וויינט.

## איין אידענע טראַכט

אַ פערטע אידענע —
נישט זי וויינט,
נישט זי לאַכט,

פאַרטראַכט:

אָט לאַכט מען,
אָט וויינט מען,
אַ חלום.

## דער בדחן

דער בדחן זאָגט מיט אַ טרויעריגן ניגון:

וויין, כלה׳ניו, וויין...
מען לאַכט און מען וויינט און מען ווייסט נישט אויף קלאָר...
מען חלומ׳ט נאָר דאָ און מען מיינט עס איז וואָר...

אַזוי ווי מען שטייגט אין אַ חלום פון גליק —
פאַלט מען צום סוף... ווי מען פאַלט פון אַ בריק...
און מען קען זיך ניט כאַפּן צוריק...

וויין, כלה׳ניו, וויין...

## דריי שלוחים

פריער געווען אַ שדכן,
האָט ער איינגערעט.

איצט איז דאָ אַ בדחן
און באַדויערט.

צום סוף... — וועט קומען אַ חזן:
אל מלא רחמים!

דריי שלוחים:
דער שדכן — זאָגט גוטס אין פאָראויס.
דער בדחן — זאָגט אויס.
דער חזן — רעדט שוין ניט צום מענטשן —
צו גאָט.

## נאָך דער וועטשערע.

## פּעטער משה טאַנצט

אַ גרויס געשטאַלט.

די הענט צעשפּרייט און שטייט אויף איין פֿוס.
אָבער עס טאַנצט זיך — אין אים.

אַ טופּ מיט אַ פֿוס.
נאָך אַ טופּ.
שוין.

אָט וויל איך — טאַנץ איך.
אָבער איך טאַנץ נישט.

ווילן — וויל.
ער — נישט.

ער צערייצט זיך.

ער פֿירט צעלאָכעס געגן ווילן.

ווילן וויל מיט אַמאָל:
אַ טאַנץ טאָן — אַז...

פעטער משה:
— כאַפּ נישט,
ווילדער ווילן דו!

פּאַמעלאך דויערט לייגגער.
ס'איז בעסער.

פרייד — איז רייך.
כח — איז געדולד.
איך — בין פעטער משה.

אויף יעדער חתונה איז דאָ אַ פעטער משה.

אַ גביר אין דער משפחה.

אַ יחסן ביי דער וועלט.

תורה און סחורה און געפּוצטע שטיוול.

קינדער האָט ער — גיט ער אוים
איינס נאָך איינס.
נעמט ער איידימלאך און שנורן
איינס און איינס.

ער — וויל אויך.

אַ ווייב איז נישט גענוג. —
נאָך.

ניט געַנוג צו זײַן אַ בוים אין וואַלד —
איבער'ן וואַלד אַריבערבליען.

אַ קוואַל איז ניט צו שפּריצן —
צו פאַרפלייצן.

זע נאָר וויפיל פּנים'ער אַרום.
ווייבער — אַה!
אַ וואַלד פון ווייבער.

קלעזמער! שטאַרקער!
טרובע! רעוו!
גרוב!

אַ טופ אין טיף,
נאָך אַ טופ אין טיף —
אי טיפן!

ער קען נישט טאָן וואָס ער וויל —
טוט ער וואָס ער קאָן.

ווייבער וויל ער,
טופען קען ער,
טופעט ער.

אינמיטן וועלט אַ פעטער משה.

פעטער משה וויל אַ וועלט.

## די מומע באַסיע טאַנצט אַקעגן פעטער משה

גרויער קאָפּ.
אויגן לויכטן.

לייכטע טריט.
וויגט זיך ווייך.

חסידיש־אידיש.
פּריציש־שטיל.

מאַמע־מיידל.
איידל.

פּנים — בליט .
צוריק צווייט.

קוקט אַראָפּ.
שמייכלט.

נישט פאַרשעמט. —
פרום פאַרשייט.

פעטער משה — מיין — מאַן:
אַ גרויסער איד —
האָפּ.
גראָב.
ברייט.
קאַפּאָטע צעשפּרייט.

משה׳לע,
זונדעלע מיינס.
ס׳זאָל מיר זיין פאַר דיינע ביינדעלאך.

## רבקה די אַלמנה טאַנצט

אליין.
פון ווייט אַוועק אַ לאַנגער שלעפּ —
ציט זיך.

קול,
צאַפּלט זיך צו איר:
כלה!

איר מאַן איז שוין נישטאָ —
איר חתונה איז נאָך דאָ.
דאָרט...

אַלע פרייען זיך נאָך דאָרט.
מ׳שפּילט.
מ׳טאַנצט.
אַ געדריי.

מחותנים ווינטשן איר:
מזל טוב!
איר זאָלט זיך עלטערן מיט'ן מאַן!...
— זי טאַנצט און וויינט. —

## אַן אַלט ייִדעלע טאַנצט

אַמאָל געטאַנצט אויף טעלער —
אַ יונג.
גרינג.
פויגל־פלינק.

איצטער האָט ער מורא פאַר דער ערד.

שטייט.

דרייט מיט אַ פוס אויפ'ן קנאַפל.

דאָס היטל פאַרשייט אויף אַ זייט.

קוקט אין גאָרער ווייט...

צום אייגענעם אָנהויב...

און שמייכלט...

# אַלטע באָבעס טאַנצן אויך

באָבעלאַך — ליאַלקעלאַך.

פּאַרצייטיקע צאַצקעלאַך.
ציטערן.

האָט נישט מורא!
האַלט זיך אויף!
האַלט זיך אָן אין זיך!

אַלע האַלטן זיך אַליין!

איר האָט שוין אָפּגעטאַנצט?
אַמאָל? —
נאָכאַמאָל אַמאָל.
ווידער ווי געווען.

קיינער ווערט נישט אוים.
עס דאַכט זיך בלויז.

אַלטע קינדערלאַך —
טוי פאַלט אויף אייך.
טויעלאַך פון טענער.
פּערעלאַך פון קלאַנגען.
זעט, זיי שיטן זיך.
זעט, זיי זיפן זיך.

באַלד וועט טאָגן.
פענסטער וועלן ליכטיקן.

מאָרגן קומט ערשט אָן.
טעג נאָך אָן א שיער.
טאַנצט אַקעגן זיי!

## איבער דער חתונה

אַן אַלטער טאַנץ — און גלאַנצט.
אָפּגעלעבט — און לעבט.
בליט.
בלענדט.

אַ דורות׳דיקער טאַנץ פון אַמאָל.
פון אַ טאָל.

אַלע אַמאָלן — אין טאָלן.

אַלע אַמאָלן — לעבן.

עס הויבט זיך אָן מיט פרייד
און טרויעריק צום סוף
און ווידער אָנהויב.

באַרג אַרויף
און באַרג אַראָפּ
און ווידער ווייט.

צוויי — ווערן איינס
צעשיידן זיך צו ענד
און ווערן ווידער וועןָ.

שטעטל — ניט קיין שטעטל —
וועלט!

תמיד — היינט.
תמיד — דאָ.

די גאַנצע וועלט איז דאָ.

אַלע דורות זיינען דאָ.

הערט, זיי טופּען נאָך.

טופּע!
טאָפּטשע!
מענטש!

# לבנה

לבנה איז אויך אויף דער חתונה.

היינט — גייט זי נישט אין ערגעץ.
נאָר —
דאָ.

עט אַראָפּ —
אַ שטעטל.

דאָס שטעטל —
אַ שיסל.

אין שיסל —
רירעווודיקע ברעקעלאַך...

טוליען זיך,
קוליען זיך.

אַזעלכע קליינינקע פרייען זיך אויך!

אַ שטיקעלע ערד — און זיי האָבן געַנוג!

אַבי זיי דרייען זיך!

לאָמפּן —
ליכטיקע פינטעלאך.
מסתמא שטערן.

אפשר וועלטן ?

ווער קען וויסן פון דער ווייט !

אפשר זע איך אוים פון ווייטן —
נאָר אַ וועלט !

אפשר בלויז אַ ים !

אפשר בלויז אַן אַרבעסל די גרוים !

איך — פינסטערניש — באַלויכט זיי.
נעם ביי זון און גיב זיי.
אונטן — ווייסט מען נישט דערפון...

פויק — הילכט : באָם באָמבאָם.
— עפּעס דונערט דאָרט ווי אונזערער אַ דונער !

טראָמפּייט — פּראַלט. צעשפּאַלט : פּאַרפּאַ אַפּאַ.
— סע בליצט.

טרובע — רעוועט : וואום. וואום. וואום.
— כוואַליעם וואַלקן.

אין שיסל שטורמט היינט ! ! !

דער רבי צוגאַסט אין אַ שטעטל.
דער רבי זאָגט שלום עליכם.
די חסידים זאָגן איבער דעם פּסוק.
איין חסיד זאָגט שלום עליכם.
אַ צווייטער חסיד זאָגט שלום עליכם.
אַ דריטער חסיד זאָגט שלום עליכם.
אַ פערטער חסיד זאָגט שלום עליכם.
אַ פינפטער חסיד זאָגט שלום עליכם.
אַ זעקסטער חסיד זאָגט שלום עליכם.
אַ זיבעטער חסיד זאָגט שלום עליכם.
אַן אַכטער חסיד זאָגט שלום עליכם.
דער רבי זאָגט תורה.
די תורה.
איין חסיד הערט.
אַ צווייטער חסיד הערט.
אַ דריטער חסיד הערט.
אַ פערטער חסיד הערט.
אַ פינפטער חסיד הערט.
אַ זעקסטער חסיד הערט.
אַ זיבעטער חסיד הערט.
אַן אַכטער און אַ נײַנטער חסיד הערן.
אַ צענטער חסיד הערט.
אַן עלפטער חסיד הערט.
אַ צוועלפטער חסיד הערט.
אַ דרײַצענטער חסיד הערט.
אַ פערצענטער חסיד הערט.
אַ פופצענטער חסיד הערט.
א זעכצענטער, אַ זיבעצענטער, אַן אַכצענטער חסיד הערן.
דער רבי הייסט זינגען.
שלמה ר׳ ברוך׳ס.
בעריל דער געלער.
אַ מלמד.
דעם מלמד׳ס אינגעלע.
דער רבי טיילט שיריים.

# דער רבי צוגאַסט אין אַ שטעטל

(פרייטאג־צו־נאַכט אין אַ שול).

מורא'דיקע פרייד אויף די ליכטיקע לאַמפּן,
אויף די פינסטערע פענסטער.

מ'רעדט ניט און ער רוישט, —
יאַנטעוו רוישט;
ער איז דאָ! ער איז דאָ!

דאָרט — אויבנאָן — זיצט דער רבי.

אַ פולע שול מיט מענטשן.
מענטשן — שטאַנגען, —
רירעוודיקע פלעקן.

פּלייצעס.
אויגן.
היטלען.
גאַרנדיקע אויגן:

אוי פּרנסה און עפּעס נאָך.

# דער רבי זאָגט שלום־עליכם

דעם רבינס קול איז דין.
קוים וואָס מען קען דאָס אָנרירן.

ס'איז איין אַליין.

פֿאַמעלאַכן ציט זיך דאָס.

פֿון זייער ווייט — און ציטערדיק.

מיוחס'דיק — און מיט גרויס רחמנות.

שו—לוים—אַליי—כעם,—מאַל—אַכיי—אַשו—לוים, —
— — — — — — — — — — — — — — — —

מאַל—אַכיי—על—יון,—מימיי—לעך—מאַל—כיי—
אַמלו—כים,
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

אקו—דיש—בו—ריך
הוא. — —
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

## די חסידים זאָגן איבער דעם פּסוק

אַלערלײ קולות יאָגן זיך אײנע איבער די אַנדערע.

קולות — װײנענדיקע װאָלקנס.

תוהו ובוהו רײסט זיך אין דער לופט.

װײסע װענט — װיגן זיך.

קעפּ — װיגן זיך,
רײסן זיך פון די העלזער
און קענען זיך ניט אָװעקרײסן.

ס׳איז אַ װאָג, אינגאַנצן.

װיג זיך! װיג זיך! װאָג!

די פענסטער גלאָצן און שרײען דאַכט זיך אױך.

מ׳איז אַלע אײנס
און מ׳איז באַזונדער

# איין חסיד זאָגט שלום־עליכם

א שטרייַנגער.
א גראָבער חסיד —
זיין קול איז אויך אזוי.

גוטערהייט איז ער בייז.
שטילערהייט רעדט ער אינדערהויך.

אז מ'מיינט גוט — מוז מען זיין שלעכט.
אז מ'וויל עפּעס — מוז מען עס אויסשרייען.

אפילו ווען ער שווייגט — דאַכט זיך אז ער ברומט.
אזוי ווי דאָס טיפע שווייגן אין א ברונען.

נעבן אים איז דאָס לעבן א גוואַלד.
סאַ מחיה צו לעבן אז סע פאַלט אזש א פחד.

ער גלאָצט צום פינסטערן פענסטער
און ער שטורמט צו דער בלינדער וועלט:
שלום עליכם, מלאכי השלום, מלאכי עליון,
ממלך מלכי המלכים,
הקדוש—ברוך—
הוא! — —

## אַ צווייטער חסיד זאָגט שלום־עליכם

אַן אָרים חסיד׳ל,
ער זיצט אויף אַ זייט,

זיין לעבן איז אויך אויף אַ זייט.

געדארפט זיין בעסער, אָבער ס׳איז נים.

זיינע אויגן זיינען שוין מיד פון אויסקוקן, פון ווארטן,
קוקן זיי אַראָפּ.

שטילינקע טייבעלאך זיינען זיי.
שלעפעריקע טייבעלאך.

אַן אָרים אידעלע —
אַן אָרים שלום עליכם׳ל.

ער קלעטערט צו גאָט אויף וואַקלדיקע טרעפּ
פון טריבע טענער אַרויף.

צו הקדוש ברוך הוא, קומט ער מיט אַ טענה,
מיט אַ באַזונדערן וועג.
זיין קול פארקערעוועט זיך אויף אַ זייט —

## און זיין גאַנצער שלום עליכם זעט אוים ווי אַ געדרוקטער „ד"

(לייענען שלום עליכם פון אונטן אַרויף)

הקדוש — ברוך — הוא.
המלכים
מלכי
ממלך
עליון
מלאכי
השלום
מלאכי
עליכם
שלום

ער טראַכט מסתמא דלות;
איך האָב אַ ווייב מיט קינדער
און איך דאַרף פרנסה און איך האָב ניט —
הקדוש ברוך
הוא.

## אַ דריטער חסיד זאָגט שלום־עליכם

אַ ברייטער חסיד, קיין בייז אויג זאָל אים ניט זיין.

איין האַנט דאָ, די אַנדערע האַנט דאָרט,
אויפ׳ן טיש האַלט ער זיי.
ער האַלט זיי ניט — זיי ליגן אַליין;
אַזוי ווי שווערע שטיקער בליי ליגן זיי.

דער קאָפּ איז מיד,
דאָס האַרץ איז מיד.
ער דרייט מיט׳ן קאָפּ אויף ניין.
נישטאָ קיין כח.

דער ברייטער איד האָט נישט קיין כח —
אפילו אָטעמען האָט ער נישט קיין כח —
סאָפּעט ער אויפ׳ן קול...

ס׳איז אים היים... האָ־האָ־האָ־האָ־האָ־האָ.

דער איד איז היינט געווען אין מרחץ — אוי.
ס׳איז אים געווען גוט — אַי, אַי, אַי.
ס׳איז אים געווען שוין איינמאָל — הו הו הו.

איצטער — האַ!
ער קוקט אויף די חסידים — האַ!
ער קוקט אויף דער סטעליע — האַ!

אַ געזונטער נעבאַך אויף אים.
אַ געשמאַקער ווײ אויף אים.

ס׳איז אים גוט און ס׳איז אים שלעכט.
ס׳איז אים ביידע אינאיינעם.

ס׳איז אים בעסער נאָך פון גוט.
ס׳איז אים ערגער נאָך פון בעסער.

ס׳איז אים איבער...

ס׳איז אויף אים אַן עיבור.

אַן אַריבער.

אַ חיבור.

גאָט אַליין איז אסור חיסור...

השי״ת איז אַ כפל כפלים...

ביים רבונו של עולם איז נישטאָ קיין חילוק...

— ער ווייסט נישט וואָס ער טראַכט. —

זיין שטערן איז באַזעצט מיט רעדעלאך,
אַ סך רעדעלאך,
אַזוי ווי אַ פענסטער אין אַ רעגן.
אַזוי ווי רויגן אין אַ הערינג.
אַזוי ווי אויגן אין אַ חתונה־יויך.

ער ווישט זיך מיט דער רויטער פאַטשיילע,
מיט׳ן אָרבל פון דער זיידענער קאַפּאָטע.

הו! נאָר גיי וויש אָפּ אַ קוואַל.
זיי אַ בריה און טריקן אויס אַ קוואַל.

ער הויבט אויף אַ האַנט און באַטראַכט זיינע פינגער
ווי מ׳באַטראַכט אַן אתרוג,
ער לאָזט פאַלן די האַנט צוריק אויפ׳ן טיש.
זאָל זי ליגן.

ס׳איז אים ענג דעם ברייטן אידן.
ער וואָלט וועלן אַז קיינער זאָל דאָ נישט זיין.
מען זאָל יאָ זיין, אָבער ניט אַזוי פיל...

ער וואָלט וועלן די קליידער זאָלן פון אים אַראָפּשפּרינגען.
פריער די קאַפּאָטע,
דערנאָכדעם די קאַמזויל,
דערנאָכדעם דאָס העמד —
דערנאָכדעם די הויט —
דערנאָכדעם —
האַ, האַ, האַ, האַ!

זעקס טעכטער האָט ער געהאַט דער איד,
און פיר זין האָט ער געהאַט דער איד.
האָט ער שוין אַכט חתונה געמאַכט —
צוויי טעכטער וואַרטן נאָך ביי אים.

ער ציט דעם אָטעם באַרג אַרויף
און ער לאָזט פאַלן מיט'ן אָטעם באַרג אַראָפּ:
מסתמא וועט גאָט העלפן — האָ, האָ, האָ.

דערווייל איז דאָ דער רבי זאָל לעבן,
און דערווייל דאַרף מען זאָגן שלום עליכם.

ער פאַרוואַרפט דעם קאָפּ איבער זיך און ער וויגט אים.
און קוים מיט אַמאָל וואָס ער זאָגט אַרוים—אַזוי ווי אַ חלוש,
האָ, האָ, האָ, האָ, האָ.

און ער רוט זיך אָפּ ביי יעדער סטאַנציע:

שלום עליכם—אין צפון זייט. מלאכי השלום—אין דרום זייט.
מלאכי עליון—אין צפון זייט. ממלך—אין דרום זייט.
מלכי המלכים — אין צפון זייט. הקדוש ברוך הוא —
צום מזרח.
ער שאָקלט מיט'ן קאָפּ אויף יא. ער איז מסכים:
הקדוש! ברוך!
הוא!

# אַ פערטער חסיד זאָגט שלום־שלום

אַן איידעלער איד.
אָט וויל ער וויינען.

אין זיינע אויגן וואַרטן וואַסערלאַך ביי די ברעגן,
זיי פאַלן ניט אַראָפּ און טריקענען ניט אויס.

ער קוקט אין אַ ווינקל און טראַכט איבער דער וועלט:
אַ גרויסע וועלט, אַ טומלדיקע וועלט,
אָבער אין תוך גענומען...

דאָס זאָגן ביי אים, זינגט ביי אים.
אפילו די מחשבות אין אים, זינגען אין אים.

ער זינגט שטילערהייט
און שטילער נאָך וויינט ער.
ס׳איז ביי אים אַ וויינענדיג געזאַנגעלע.

ער פאַרמאַכט די אויגן און ער חקירה׳ט מיט׳ן קול:
אַי, אַי, שלום עליכם. אוי, אוי, מלאכי השלום, מלאכי עליון...
ממלך מלאכי המלכים, וויי, וויי, וויי...

און ווי אַלע אידן, קומט ער צום זעלבן סוף:
הקדוש — ברוך —
הוא! — — — ...

## אַ פינפטער חסיד זאָגט שלום-עליכם

אַ איד מיט אַ קוויטש —
זיין קול נעמט זיך איבער...
ס׳איז העכער פון אַלע...

עס קלינגט און באַרימט זיך
ווי דאָס קלינגען פון אַ גלעקעלע
אין אַ שנייאיקער ווינטער-נאַכט
איינער אַליין איבער אַלעמען אויף אַ פעלד.

דער חסיד איז אינגאַנצן אַ מיוחס —
אַ דינער, אַ הויכער...

ער דערמאָנט אָן אַ פייף פון אַ באַן:
הו! הו! — — —

ער שטייט — און עס דאַכט זיך אַז ער פליט און שרייט:
שלום עליכם מלאכי השלום מלאכי עליון ממלך מלכי המלכים
הקדוש ברוך
הוא!

## אַ זעקסטער חסיד זאָגט שלום־עליכם

ער גייט און שטייט אויף אַן אָרט.

זיינע פּיס זיינען צעשפּרייט —
צעקריגט.

זיי ווילן זיך איבערבעטן און בעטן זיך ניט איבער.

זיי ווילן ניט ווערן נאָענט און ווילן זיך ניט צעגיין.

לאָזט זיך אַראָפּ דער רעכטער פּוס —
הויבט זיך אויף דער לינקער.
לאָזט זיך אַראָפּ דער לינקער פּוס —
הויבט זיך אויף דער רעכטער.
דער חסיד איז אַ וואָגשאָל...
אַביסעלע צער אַראָפּ, אַביסעלע פרייד אַרויף,
אַבי מען לעבט.

ער איז אָנגעקומען אויף דער וועלט זיך צו וויגן.
ער ווייסט דאָס ניט — אָבער ער וויגט זיך...

ער הויבט אָן דאָס, וואָס ער לאָזט אויס.
יעדער וואָרט וואָס ער לאָזט אויס —
הויבט ער אָן נאָכאַמאָל און זאָגט ווייטער.

עס איז אים אַ שאָד דאָס אַלטע און ער וויל דאָס נייע. —
כאַפּט ער זיי אָן ביי די ברעגן און ער פּאָרט זיי צוזאַמען:

שלום עליכם, עליכם מלאכי, השלום מלאכי,
דערהערט ער, אַז דער עולם האָט שוין געענדיגט דעם פּסוק,
לאָזט ער דאָס איבער אין דערמיט —
אַלעמאָל בלייבט ער אינדערמיט.

## אַ זיבעטער חסיד זאָגט שלום־עליכם

אַ רירעוודיק חסיד'ל —
ער האַנדעלט מיט צעטלען.
לאָטאָריע, וואַרשע, דאָס גרויסע געווינס.
ביי אים געווינט מען ניט.

ביי אים איז שטענדיק פאַר אַ רעגן.
אין זיינע רעיונות בליצט דאָס גרויסע געווינס
און ער וויל עס זאָל אַ דונער טאָן אויף אים.
הו הו! און עס זאָל אים טאָן אַ כאַפּ.

און פון גרוים חשק צום גרויסן געווינס —
טוט ער זיך יעדער ווייל אַ כאַפּ פאַר'ן דיך,
ער האָט נישט קיין געדולד...

ער שטייט ווייט פון טיש.
פאַר אים איז יעדער זאַך ווייט.

וואַרשע איז ווייט,
דאָס גרויסע געווינס איז ווייט,
דער רבי איז פון אים אויך ערגעץ ווייט...

ער שרייט שלום עליכם און ער מאָנט.
פון דער ווייט מאָנט ער.
ער בעט מיט גוואַלד.

ער שטורמט אים אַריבער אַלעמענס קעפּ,
אַהין, צום רבי'ן :

שלום עליכם מלאכי השלום מלאכי עליון ממלך מלכי המלכים
הקדוש ברוך
הוא !

## אַן אַכטער חסיד זאָגט שלום-עליכם

אַ יונג חסיד'ל.
מיט צוויי יאָר צוריק —
איז דאָס חסיד'ל געווען אַ בחור,
מיט'ן היטל אויף אַ זייט,
מיט די הענט אין די הויזן-קעשענעס,
און זיין צוקונפט איז ביי אים געווען :
הע-הע ! מיט אַ געלויף פון טענער
צו דער הויכער אָקטאַווע...

אָט אַזוי:
הע־הע־הע־הע־הע־הע־הע־הע!

היינט האָט דער חסיד׳ל אַ ווייב מיט דריי קינדערלאך.

דאָס היטל זיצט שוין אויף אַן אָרט,
מיט די הענט זוכט ער פרנסה,
און די טענער לויפן שוין מיט באַדויערן אַרונטער...
אָט אַזוי:
הע
הע
הע
הע...

אַמאָל מיינט ער אַז ער וועט נאָך זיין אַרויף.
אָבער ער איז שוין אַראָפּ.

ער זאָגט שלום עליכם מיט אַ קול ווי מ׳איז מעביר די סדרה.
די טענער דרייען זיך און רייסן זיך אַרויף.
זיי מונטערן.
זיי ווילן אים דערמונטערן
צוריק צו זיין אַמאָל:

שלום עליכם מלאכי השלום מלאכי עליון ממלך מלכי המלכים
הקדוש ברוך
הוא!

# דער רבי זאָגט תורה

*ששש...*

די פּנים'ער זעען איצט אוים בלייך, פאַרטראַכט.
שלום עליכם איז געווען דער טויער
וואָס האָט אַריינגעפירט אין קדשי קדשים.
ביים אַריינגאַנג האָט מען זיך געטומלט.
יעדער חסיד האָט געוואָלט מען זאָל אים דאָרט דערהערן.
מען זאָל אים דאָרט דערזען דורך זיין קול.
איצט איז מען שטום.
אַ פולע שול מיט שטומע!
אַ פולע שול מיט שווייגן!
פון פריער מיט אַ שעה — איז איצט אַמאָל...
אַמאָל, ביים שלום עליכם, איז מען געווען קינדער,
האָט מען די פרייד אַרויסגעזאָגט, אַרויסגעשריגן.
איצט איז די צייט פון פאַרנעמען.
אָט זעט די פּנים'ער!
אָט זעט דאָס שווייגן איבער די פּנים'ער!
ניטאָ קיין לעבנס דאָ! —
דורות זיינען דאָ!
אַ פולע שול מיט דורות!
פון די קברים זענען זיי אָנגעלאָפן אהער.
הערן תורה פון אייגענעם רבין
וואָס גאָט־ברוך־הוא רעדט צו זיי — דורך אים.

## די תורה

דעם רבינס קול איז קראַנק.
עס בעט זיך...
דינער געוויין
פון גאָט ברוך־הוא אליין —
אין די הימלען.

— — — — — — — — — — — — — — — —

לא המתים יהללו יה...

— — — — — — — — — — — — — — — —

ווײ, ווײ...

— — — — — — — — — — — — — — — —

דער הייליקער צדיק זכותו יגן עלינו
פלעגט זאָגן

— — — — — — — — — — — — — — — —

דער צער פון דער וועלט

— — — — — — — — — — — — — — — —

איז אפילו אַ שטיינדעלע, ווען מיר שטויסן דאָס אוועק.
איז אפילו דער געשריי פונ׳ם שטיינדעלע...

— — — — — — — — — — — — — — — —

און דערפאַר דאַרף טאַקע דער מענטש,

— — — — — — — — — — — — — — — —

און דערפאַר טאַקע
לערנט אונז דער פסוק פון דער היינטיקער סדרה...

— — — — — — — — — — — — — — — —

## איין חסיד הערט

ער זיצט.
ער ווייסט ניט אַז ער זיצט.
ער האָט שוין פאַרגעסן אַז אַ מענטש קען זיך רירן.

די הענט זיינען אָנגעשפּאַרט אויפ׳ן טיש,
ווי זיילן ביי אַן אַלטע הויז.

דער קאָפּ איז אין פאַראויס.

די אויגן זיינען אויסגעגלאָצט.
דאָס מויל איז אויפגעפּראַלט.

ער שרייט גוואלד
שטומערהייט.

## אַ צווייטער חסיד הערט

זיינע ליפּן האָבן זיך פאַרריגעלט מיט עקשנות.
זיינע אויגן האָבן אַראָפּגעצויגן די פאָרהאַנגען איבער זיך.
זיי הערן זיך איין שטילערהייט.
זיי זעען יעדן וואָרט פונ׳ם רבי׳ן
און זאָגן קיינעם ניט אויס...

## אַ דריטער חסיד הערט

זיין רעכטע האַנט איז אויסגעצויגן אויפ׳ן טיש. —
אַ באַשעפעניש פאַר זיך אַליין.

זי האַלט אין די ערשטע צוויי פינגער
אַ ליכטיק שטיקעלע חלה.

דאָס שטיקעלע חלה ליכטיקט זיך
אין אַ ליכטיק רעדעלע פון לאָמפּ.

דאָס ליכטיקע רעדעלע איז ליכטיקער פון דער זון
און ציטערט אויפ׳ן ליכטיקן טישטוך.

דער חסיד קוקט דערויף אַ ליכטיקער פון ווייט
און איז ליכטיק פאַרטיפט.

## אַ פערטער חסיד הערט

זיינע אויגן בליאַסקען
און דאָס בערדל ליגט איבערגעקערט מיט די ברעגן אין מויל
און די פריילאַכע פינגער פון דער לינקער האַנט
כאַפּן דאָס אַלע ווײַלע אַרוים
און שפּאַרן עס אַריין צוריק צו די ציין.

## אַ פֿינפֿטער חסיד הערט

אַ טויבער.

ער קוקט אויפ׳ן רבינס ליפּן
און מיינט אַז ער הערט מיט די אויגן.

מיינט ער אַז מען קוקט אויף אים —
און מען מיינט אַז ער הערט ניט.

אַלעמאָל מיינט ער אַז מען מיינט...

פֿאַר׳חידוש׳ט ער מיט׳ן קאָפּ אַלעמאָל
און פֿאַרגאַפֿט מיט׳ן לינקן אויג,
כּדי מען זאָל מיינען אַז ער מיינט:
די תּורה איז טיף, אַי טיף!

## אַ זעקסטער חסיד הערט

ער וויל ניט הערן.
ער איז אַ וואַסערטרעגער...

פֿאַר אים איז גענוג אַז דער רבי איז דאָ
און אַזוי פֿיל חסידים קיין ע״ה
און ער אויך צווישן זיינע חשוב׳ע באַלעבאַטים.

ער זוכט מיט די אויגן דעם צווייטן וואַסערטרעגער.
ער וויל אים באַווייזן די נייע קאַפּאָטע,
איבערגעניצעוועט נאָכאַמאָל,
אויף דער לינקער זייט...

## אַ זיבעטער חסיד הערט

פֿאַר אים איז ניט געגוג וואָס ער הערט —
ער וויל נאָך זען וואָס אַנדערע טראַכטן דעריבער.

האַלט ער אויסגעבויגן דעם קאָפּ
און הערט די תורה מיט'ן לינקן אויער
און דעם רעכטן אויער לאָזט ער פּוסטעווען צו דער סטעליע.

זיינע אויגן שטראַלן צו רעכטס
אויף די רעכטע חסידים...

זיין מויל איז צופרידן אָפּענערהייט
און איז גרייט זייערע רעיונות אַריינצוכאַפּן.

## אַן אַכטער און אַ נײַנטער חסיד הערן

א הױכער איד, עס װאַקסט אים ניט קײן באָרד.
ער האַלט דעם קאָפּ אַראָפּ
און קוקט פאַרגאַפט אַרױף
און סאַפּעט שװער אַראָפּ.

שטײט נעבן אים אַ נידעריק אידעלע מיט אַ לאַנגער באָרד.
ער האַלט דעם קאָפּ אַרױף
און קוקט פאַרגאַפט אַראָפּ
און אָטעמט קוים.

ציטערט די לאַנגע באָרד
און דערשרעקט זיך יעדער רגע
פאַר די מורא׳דיקע װינטן
װאָס דאָס נאַקעטע פּנים שטורמט איבער איר...

## אַ צענטער חסיד הערט

אַ חסיד פון אַן אַנדער רבי׳ן.
ער שטײט בײַ דער טיר,
אײַנגעגנורעט דעם קאָפּ אין אַ פרעמדער פּלײצע,
מען זאָל אים ניט דערקענען.
ער קוקט בגנבה אױף די הײמישע אידן,

אזוי ווי אויף ווייטע... נאָר מיט אַ נאָענטן גלויבן...

ער מוסר'ט זיך אַז ער דאַרף זיך אַרויסרוקן.
אָבער נאָך איין ווייליגקע.

ער בעט זיך ביי זיך אַליין:
באַלד, באַלד...

## אַן עלפטער חסיד הערט

אַדורכגייער, — אַ ליטוואַק.

ער האָט פיינט חסידים.

ער זיצט דאָ ביים טיש צוליב'ן עסן.

דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט.

די הענט פאַרפּאַקט טיף טיף אין די אַרבל. —

בלי נדר
באַלד נאָך שבת
טראָגט ער זיך אָפּ פון די ווילדע מקומות...

# אַ צוועלפטער חסיד הערט

אַ בעל עגלה.

— דער טיש איז לאַנג —

אויבנאָן זיצט דער רבי.
אויפ׳ן צווייטן אויבנאָן זיצט דער בעל עגלה.
איינער קעגן אַנדערן זיצן זיי.

דער בעל עגלה —
אַ האַנט אויף אַ האַנט אויפ׳ן טיש.
אויף די הענט זיין מאָרדע ביז אין ווייטן האַלז אַריין.
אַזוי ווי להבדיל אַ הונט,
אַ ליידיק-גייער,
אין אַ הייסן זומער בייטאָג,
אין אַ קליין שטעטל,
אינמיטן מאַרק,
אויסגעצויגן אויף די לאַפּעס,
און קוקט,
און גענעצט,
און טראַכט :
ניטאָ וואָס צו טראַכטן.

דער רבי איז מסתמא אויפ׳ן ריכטיגן שליאַך...

## אַ דרייצנטער חסיד הערט

אַ קליין אידעלע.

ער איז ערגעץ ביי די פיס.

ער דערקענט די אידן —
אין די שיך.

אָט אַ ברייטער שוך —
משה־מרדכי.
אָט אַ לאַנגער שוך —
ש ל מ ה א ס ת ר ־ ל א ה ׳ ס.
אָט אַ שמאָלטשיק שיכעלע —
איציקל.

אַז ער וויל זען אַ פּנים —
מוז ער אויפהויבן דעם קאָפּ.

אַ קליין אידעלע —
אָבער אַ גרויס חסיד׳ל.
עס דאַכט זיך אים אַז ער הערט דעם רבינס תורה.

טייטשט ער דאָרטן מיט׳ן לינקן הענטעלע צו אַ קני.
אָדער צו אַ לעצטן קנעפּל פון אַ קאַפּאָטע.
אָדער צו אַ רעכטן אויער פון אַ שטיוול.
צו יענעם אויער — רעדט ער.

# אַ פערצנטער חסיד הערט

ער הערט שוין ניט — ער שלאָפט.
תמיד נעבאַך שלאַף.
קוים דערצויגן זיך צום רבי'ן.
האָט דאָס קול פון תורה אים פאַרוויגט.
איצטער שמייכלט ער.
זיינע אויגן זיינען זייער שטאַרק פאַרמאַכט.
מסתמא זעט ער זיך אַצינדערט אין גן־עדן.
שטוינט ער דאָרט פון נחת:
אַבי געשראָקן זיך כסדר פאַר'ן סוף.

# אַ פּופּצנטער חסיד הערט

ניט קיין חסיד — אַ משכיל.

אַ איד אַן עקשן.

צוגעדריקט דעם רעכטן פּויסט צום מויל.

אָנגעשפּאַרט די אויבערציינער אויפ'ן סוף פון גראָבן פינגער.

אויסגעבויגן דעם קאָפּ.

און חוזק'ט מיט די אויגן אַריבער'ן שטערן:
מיר'ן אינמיסטן הערן וואָס דער „רבי" דרש'נט דאָרט...

## דער רבי איז אַזײגער

אויבנאָן דער רבי.
אַ לאַנגער חסיד בײ זײן רעכטער זײט.
אַ קורצער חסיד בײ זײן לינקער זײט.
בײדע אָנגעבויגן פאַר'ן רבי'ן. —

װײזער אויפ'ן זײגער.

דער גבאי װיגט זיך הינטער זײ:
רעכטס — — — — — — — — — — — — — — לינקס.
רעכטס — — — — — — — — — — — — — — לינקס.

— — — — — — — — דער אומרו. — — — — — — — — —

קאַפּאָטעס הערן אויף.
יעדער אַקסל מיט זײן אַראָפּ.
יעדער נאַקן מיט זײן דערהויב.
די נאַקעטע װענט.
די ציטערדיקע שױבן.
די פאַרבײנקטע ליבן אויפ'ן פּרוכת.
דער שטרײַנגער אָרון קודש.
די אָנגעיאָגטע גמרות אין די אַלמער.
יעדער מין מיט'ן אײגענעם מין.
מיט'ן אײגענעם פאַרטראַכט.
לויט'ן אײגענעם פּאַרטיף.

## דער רבי הייסט זינגען

דער רבי זאָגט שטיל,
און דער גבאי כאַפּט עס אויף
און צעשרייט עס איבער דער שול:
זאָל שלמה רב ברוך׳ס זינגען אַ ניגון!

## שלמה רב ברוך׳ס

שלמה רב ברוך׳ס איז אַ בעל גוף און אַ בעל מטופל;
האָט סמיכות אויף רב — און איז אַ שוחט;
ער האָט ווייניק פון זיין שחיטה — און איז א חזן —
אַ בעל תפלה, — אַ מנגן...
נישט אַזוי דאָס קול — ווי זיין ווילן.
נישט אַזוי דער ווילן — ווי די נויט.
דחקות העלפט אים אויסצוברייטערן זיין שטימע.
דאגות צווינגען אים צו זינגען. —
פון דער טיף.
העט אַראָפּ פון האַרץ.

ווען מ׳קאָן — זינגט ער גלייך פון דאַרטן אָ —
אָבער מ׳קען ניט זינגען גלייך פון דאַרטן אָ —
זינגט ער דורכ׳ן מויל.

דאָס טיפּסטע ווי דאָס פלאַכסטע
מוז מען אַרויסזאָגן דורכ׳ן מויל.

ניטאָ קיין אַנדער ברירה.
סיידן — שווייגן.
ער האַלט די רעכטע האַנט צום אויער
און דרייט דעם קאָפּ אויף ניין —
מ׳קען נישט.

די אויגן זיינען שטאַרק פאַרמאַכט און מיינען יאָ —
מ׳קאָן.

דאָס מויל איז אויפגעפּראַלט און ווייסט נישט וואָס צו טאָן.

וויל ער זיך צעוויינען —
און ער זינגט.
פּאַמעליכן.
שטילערהייט.

ער שלעפּט זיך מיט׳ן ניגון אין דער מדבר —
און פאַלט אַריין אין ווילדערניש פון פעלקער...
אָט דערשיינט ער מיט אַ בשורה פון „אָז ישיר“ —
און פאַרוואָגלט צו „כל נדרי“ אין די היילן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ער בעט זיך מיט׳ן ניגון ביי אַ אידן נעבן אים
ער זאָל אים אונטערהאַלטן מיט אַ טאָן — אַ...
האַלט אים יענער אונטער
מיט אַ טאָן
נידעריקער ווי מען דאַרף.

ווערט ער בייז און בעט מיט דער האַנט ווי אַבעטלער
ביי אַן אַנדער אידן אויף רעכטס —
— אָ —
ציט יענער — אָ...
אָבער אַל׳ץ ניט ווי מ׳דאַרף.

שווער צו העלפן ווי מען דאַרף.

פּאַלט אַרויף זיין האַנט אויף יענעמס אַקסל,
ער זאָל אים אויפהערן אונטערהאַלטן
און ער דערשלעפּט זיך אַליין,
ביז ער עפנט אויף די אויגן און דערזעט זיך נעבן רבי׳ן...

## דער רבי הייסט זינגען

דער רבי זאָגט שטיל
און דער גבאי כאַפּט עס אויף
און צעשרייט עס איבער דער שול:
זאָל בעריל דער געלער זינגען אַ ניגון!

## בעריל דער געלער

בעריל דער געלער איז געווען אַמאָל אַ סאָלדאַט,
זינגט ער אַ מאַרש.
דעם זעלבן פון פּאַראַד...
דער רבי איז ביי אים — דער הויפּט-קאָמאַנדיר. —
אַראָפּגעקומען סמאָטרעווען זיין חיל... .

שטייט ער אויסגעצויגן.
איינגעצויגן.
אָנגעצויגן.
אַראָפּגעצויגן די הענט.
אַרויפגעצויגן דעם קאָפּ.

ער זינגט ניט פון דער טיף —
ער שרייט פון דער פלאַך.
דער ניגון איז ביי אים אַזוי ווי ער אליין,
אָט דאָס בין איך און דאָס איז מיין ניגון
און נאַט אים אייך און פאַרטיק...

## אַ מלמד מיט אַ אינגעלע

דער מלמד שטייט אויף אַ באַנק
מיט אַ שאַליק אַרום האַלז. —
ער היט דאָס קול אויף אַ נויט.

די הענט פאַראיינגט אין די אַרבל. —
פון רחבות וועגן...

ער ציט דעם שטערן פרום אַרויף
און קוקט אויף אַלעמען אַראָפּ,
איך בין דאָך אַ מלמד!

איצטער, אָ, נאָכ׳ן רבי׳נס תורה,
איז ער גרוים ביי זיך מיט זיין מלמדות.

ער — און דער רבי — שעפּן פון זעלבן קוואַל. —
פון דער סדרה...
ער אַליין איז אויך אַ רבי —
ביי די קינדער...
יונגע קינדער,
עלטערע קינדער,
אַלע — קינדער.
אַלעמען דאַרף מען לערנען.
אַלע דאַרפן אַ רבי׳ן.

# דעם מלמד׳ס אינגעלע

לייבעלע זיין אינגעלע —
טוליעט זיך צום טאַטן אויף דער באַנק.
דער מלמד האָט אים צוגעטיילט אַ ברעקעלע פון פיש —
לעקט ער אַלע זיינע פינגער — פון די פיש...
פיש איז גוט אַזוי ווי קוגל. —
אפשר בעסער נאָך פון פים...
פים — איז גאָרנישט ניט זים. —
נאָך אַביסל ביטער... —
אפשר פעט אַזוי ווי קישקע.
גאָרנישט גוט — איז הישקע... —
אַזוי ווי בלאָטע...
ער טשעפּעט זיך צום נעזעלע מיטביידע פויסטן —
פעסטער —
ער וויל שוין ניסן. —
פע, פעפער!
ער איז שוין שלעפעריק.
ער האָט ליב פיש. — נישט פיש — הישששששש!
דאָרט אויפ׳ן טיש איז נאָך דאָ אַ סך **היששש.**
ער קוקט אויף די פיש, אויפ׳ן מלמד
און ער פעסטעט זיך, ווי אַ הינדעלע פאַרנאַכט. —
איידער׳ן נאַסידעלע...
קכי, קכי...

ער פאַרקוקט זיך אויף אַ גרויסע היטל און פאַרגעסט זיך.—
אַ דאַשעק קען נישט עסן...

וויל ער זיך צעלאַכן. —
נאָר ביז דאָס לאַכן קוועלט אַרויס —
צעוויינט ער זיך אויף אַ קול:
איך וויל די גאַנצע היש!

## דער רבי טיילט שיריים

מען נעמט נישט — מען כאַפּט.

יעדער וויל אַ שטיקעלע.

מ׳וויל מער — נאָר מען גיט נישט.

אַ קליינע שיסל
און קיין ע״ה אַזוי פיל מענטשן!
כאַפּט מען און מ׳וויל נאָך.

אוי נאָך!

דער אַלטער טאַטע.

אָבינו מלכנו.

אַל תשליכנו.

אַ מאַן מיט אַ ווייב.

מאַן און ווייב אין מוזיק־סטאָר.

אל מלא רחמים.

דער חזן.

מאַן און ווייב הערן.

דער אַלטער טאַטע וויינט.

ונתנה תוקף.

דער אַלטער טאַטע וויינט.

דער זון.

אַ בחור מיט אַ מיידל.

דער בחור מיט דער מיידל אין מוזיק־סטאָר.

דער זון — טאַנצט.

ערשטער טייל אין אַ מוזיק־סטאָר.

דער סטאָר איז פון צוויי צימערן.
אין ערשטן צימער זיצט דער טאַטע.
אין צווייטן צימער שטייט זיין זון.

## דער טאַטע

דער טאַטע איז שוין אַן אַלטער טאַטע.
ער געדיינקט שוין ניט ווען ער איז ניט געווען קיין טאַטע.

די הענט הייגגען ביי אים אַראָפּ.
נישט נאָר די הענט הייגגען ביי אים אַראָפּ —
דאָס גאַנצע געמיט איז ביי אים אַראָפּ.

ער איז אַ קול וואָס פאַרקלינגט שוין.

אָנגעקומען אויף דער וועלט —
האָט ער זיך צעקלונגען.
נישט מיט׳ן קול —
מיט׳ן ווילן.

געוואַקסן —
און דער ווילן איז געוואַקסן איבער אים:
ער וועט זיין.
אָן אַ שיעור צייט וועט ער זיין.

ער וועט אויפטאָן.
דאָרטן, ווייטער.

ווילן — וויל — אומעטום.

איצטער וויל ער שוין ניט.
ער וויל יאָ — אָבער אביסעלע.

ער איז שוין אביסעלע שלעפעריק.
אביסעלע מיד.

אַלעמאָל אביסעלע שלעפעריק.
אַלעמאָל אביסעלע מיד.

ער לאָזט זיך שוין אוים.
נישט — ער — לאָזט זיך אוים. —
עס לאָזט זיך אוים — אין אים. —

באלד.
באלד.

אין דעם צימער וואו דער טאַטע זיצט —
זיינען רעקאָרדס פון אַמאָל.

## אָבינו מלכנו

קולות פון יענער זייט.
פון צוריקצואוועגס.
פון ווייט אַוועק הינטער דער פּלייצע.

דורות זענען געווען —
האָבן זיי געוויינט.
די דורות זענען מער נישטאָ —
דאָס געוויין איז געבליבן.

אַלעמאָל אַנדערע פּנים׳ער —
אָבער אַלעמאָל דאָס זעלבע געוויין.

# אַל תשליכנו

מענטש בעט:
האַלט מיך!
האַלט מיך!
נאָך אַ ביסעלע!

אַז איין מאָל — און שוין!

מער נישט נאָך!

אוי! שוין!
נאָך ניט שוין!
זאָל נאָך ניט זיין שוין!

איך בין דאָך נאָך!
אָט בין איך דאָך!

האַלט מיך!
האַלט מיך!

## אַ מאַן מיט אַ ווייב

ער — אַ דאַרער, אַ הויכער.
זי — אַ קורצע, אַ גראָבע.
אין געמיט — זיינען זיי בײדע גלייך.
האָבן זיך שוין אויסגעגלייכט.

שבת ביינאַכט.
די קינדער זיינען זיך צעגאַנגען,
איז מאַן און ווייב אַליין אין הויז.

ער — די הענט אין די ארבל.
זי — די הענט אין די ארבל.

זי — קוקט אויף אים.
ער — קוקט אויף איר.
ער וויל שוין גאָרנישט קוקן אויך.

ער — שווייגט.
זי — שווייגט.

נו, האָ.
וואָס זאָלן זיי ריידן —
שוין אָפּגערעדט.
שוין צוואַנציק יאָר אַז ער רעדט מיט איר.
אַן אייגן ווייב.
וויפיל איז דער שיער ?

אַמאָל —
ווען ער איז געווען איר חתן
און זי איז געווען זיין כלה —
האָבן זיי געהאט אַ סך צו ריידן.
אַי ריידן.
נישט זי —
ער.
זי — האָט געהערט.

אַ מאָל איז זי ביי אים געווען ——————— אַ שטערן.
אַ צווייטן מאָל ——————————— די לבנה.
אַ דריטן מאָל ——————————— די זון.
אַ פערטן מאָל ———— דאָס אויג אין קאָפּ.
אַ פינפטן מאָל — דאָס האַרץ.
אַלעמאָל נידעריקער...
נענטער...

אַי חתונה האָבן.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

זיי האָבן געמיינט אייביק וועט זיך טאָן.

איצטער טוט זיך שוין נישט. —
אַמאָל.
אַ ווייל.
עט.

זי — זיצט.
קוקט אויף אים און טראַכט:
אַט קוק עם אָן, אַ.
און באַדויערט מיט׳ן קאָפּ —
נישטאָ אין אים דער ברען וואָס אַמאָל.
איך — האָב זיך ווייניק געענדערט.
בלויז געוואָרן דיקער.
איז דאָך בעסער נאָך...
וויל ער נישט מער...
מיוחס מיינער.

ער — גייט אַרום. פּאַמעלאַך. סתם אַזוי.
ברומט אַ ניגון. פון פּאַרצייטן.
בים, בים, בים.

ס׳איז דאָ אַ לאָמפּ — הייננגט ער.
אַ שאַפע — שטייט זי.
ער — שלעפּט זיך.

ליגט אַ פּעקעלע שוועבעלאַך —
נעמט ער עס.

ער דאַרף נישט קיין פייער —
נאָר גאָרנישט.

ער זעט אותיות אויפ׳ן פּעקעלע.
**אָבער ער טראַכט נישט פון קיין אותיות.**

וואָס דאַרף ער אותיות.
פאַנטאַזיע.

מענשן מיינען: אַלט...
וואָס הייסט אַלט?... —
ווער מאַכט אַלט?... —
יאָרן טשעפּען נישט קיינעם...

אַ מענטש דאַרף נאָר אַן איבערטויש.
אַן איבערבייט.
און ווידער אַ צעוויג...

האַ! —
ווען סע קומט אים אין די הענט אַריין —
אַזי.
אַזאַ.
אַזוי.
אַזוינע...
אַ זונענדיקע.
אַ זידנדיקע.
אַ וויגנדיקער זאַנג.
„אָז ישיר" — „שיר השירים". — דאָס גרעסטע געזאַנג.
כאָטש איינמאָל.

און זיין פּנים צעשטראַלט:
ביידע באַגלייך...

פנים צו פנים...
וואָלט ער זיך צעברענט.
אויפגעפלאַקערט.
און גלאָצט אויף די שוועבעלאך...
די שוועבעלאך גנב'ענען זיך לאַנגזאַם אַרויס
פון זיינע פאַר'חלומ'טע פינגער
און פאַלן אַראָפּ...

— ער טוט זיך אַ כאַפּ
און דערזעט זיך אויף דער וואָר.
און זאָגט מיט אַ זיפץ:
הערסטו מיין ווייב,
איך ביינק שוין... נאָך אַ פריש געזאַנג אין הויז אַריין. —
לאָמיר קויפן אַ נייעם רעקאָרד.

# מאַן און ווייב אין מוזיק־סטאָר

ער — די הענט אין די ארבל.
זי — די הענט אין די אַרבל.

זי — נעבן אים.
איר קאָפּ איז ביז דער קעשענע פון זיין ראָק.

ער — צום אַלטן, וואָס פאַרקויפט די רעקאָרדס —
אַ גוטע וואָך.
זי — מיט עטלאכע טענער העכער —
אַ גוטע וואָך.
אָבער ביידע מיט׳ן זעלבן זיפץ.

ער — גיט מיר עפּעס אַזוי אַ — — —
איך וואָלט וועלן — איר פאַרשטייט —
אַזוי אַ —

זעט ער אַז דאָס מויל אַליין קען נישט זאָגן —
נעמט ער צו הילף
די ערשטע צוויי פינגער פון זיין לינקער האַנט
און לאָזט זיי זיך גלעטן, ווי מען גלעט זייד.
הערן — ווי שאָרך פון זייד — זינגט.

זיין שטערן איז פאַרקנייטשט.
די אויגן — אַ ביסעלע פאַרמאַכט — קוקן אויפ׳ן אַלטן
און בעטן שטומערהייט: יאַ, יאַ, עפּעס אַזעלעכס...

און קול שפּרינגט אַרויס מיט קלאָרע ווערטער:
גיט אונז עפּעס אַזאַ —
וואָס זאָל אונז דערוואַרעמען.

דער אַלטער זיצט.
ביים וואָרט — דערוואַרימען — צעפּירט ער זיך די ביינער.
האַ! דערוואַרימען!

און זאָגט צו זיין ווייב:
רחל! — לייג אַרויף „אל מלא רחמים"
— — — — — — — — — — — — — —

רחל זיין ווייב גייט צום גראַמאַפאָן,
דרייט אים אָן און לייגט אַרויף דעם רעקאָרד.

# אל מלא רחמים

אל — מלא — רא חיי — מים—ם—ם—ם—ם—ם— !

קלאָרער קול.
וואָרט צו וואָרט.
רעדט אַרויף.
שרעקט זיך.
שטרעקט זיך.
בעט.
איינער — אַ נאָך —
דערציילט פון איינעם — אַ שוין. —
שוין.
אויסגעצויגן.
צום לעצטן מאָל מיט'ן פנים קעגן הימל.
נישט — ער וויל.
נישט — ער ווערט.
אַ סוף.
נישטאָ קיין סוף ! —
אַ נייער אָנהויב !
גוף — אַראָפּ !
גייסט — אַרויף !
ערד — צו ערד !
ליכט — צו ליכט !
אייביקייטן האָבן זיך צעטיילט מיט אַ מענטש !

# דער חזן

— דעם חזן פֿערזענלאך זעט מען נישט.
מען דערקענט אָבער אין קול — אַז דער חזן איז זיך מחיה.
עס טוט אים דאָרט הנאה.

קוים זיך דערוואַרט.
יאָנטעוו היינט ביי אים.

אַ טייער שטיקעלע.
ער באַמיהט זיך דאָס אַרויסצעווייַנען זייער שיין.
מען קען עס ניט זינגען ווען מען וויל. —
בלויז ביי געווויסער געלעגנהייט. —

איינער — מוז — ליגן — איינמאָל פֿאַר אַלע מאָל...

אָט דאָ איז דער בעסטער פּלאַץ צו באַווייזן דער וועלט
וואָס פֿאַר אַ האַרציק קול — ער — חזן רב חיים'ל — האָט.
זאָלן זיי כאָטש הערן.
זאָלן זיי כאָטש וויסן
ווער ס'איז דער גרעסטער חזן היינט־צו־טאָג
און וויפֿיל געלט ער מעג זיך הייסן באַצאָלן.

נאָכאַמאָל:
אל — מלא — רא חיי — מים—ם—ם—ם—ם—ם!

די לעצטע מעם — צושפּרייט ער ברייט דורך דער נאָז.
ער מיינט דערמיט:
גאָט׳ם רחמים איז אום—ענד—לאך.

אפילו נאָכאַלעמען — מוז מען נאָך האָבן זיין הילף.

זאָל מען נישט מיינען אַבי מען ציט זיך אוים —
איז מען שוין פאַרטיק —
אָ, ניין! —
עם הויבט זיך ערשט אָן!
די נשמה אויבן...

און אָט פאַרנעמט ער זיך מיט א הויכן קוויטש
און צעשרייט זיך ווייט אַוועק —
את—ניש מאַ—אַ—אַ—אַ—אַ—אַ—אַ—אַ—אַ—אַ—אַ—ת!

— אויף יענעמס נשמה — ציט ער לאַנג דעם אָטעם.
אַ נייער חכם!

# מאַן און ווייב הערן

ער — שטייט.
הענט אין אַרבל.
קוקט אַראָפּ.
שטום.
— פאַרטראַכט. —
אַ מאָנומענט.

זי — שטייט.
הענט אין אַרבל.
קוקט אַראָפּ.
שטום.
— פאַרטראַכט. —
אַ מאָנומענט.

זיי טראַכטן ביידע אַלצאיינס.

ביי „אל מלא רחמים"
טראַכטן אַלע אַלצאיינס —
אַראָפּ...

# דער אַלטער טאַטע וויינט

דער אַלטער — זיצט.
— .וויינט
ער דרייט זיך אַוועק. —
קלוימערשט זאָל מען זען אַז ער מיינט נישט מען זאָל זען
און זאָגט מיט אַ וויינענדיק קול צו מאַן און ווייב :
נעמט עס !
ס׳איז גוט פאַר אייך !

רחל ? לייג אַרויף „ונתנה תוקף״ !

# ונתנה תוקף

קומט אַרויס אַ באַס.
בייז.
בייכיק:
וביום—צום—כי—פור—יי—חא—תיי———מון —

— אין הימל קומט פאָר אַ געריכט.
מענטשן וואַרטן אויפ׳ן משפט.
דער חזן מיט די זינגער האָבן אַ ויכוח.
זיי ווילן טרעפן ווי ס׳עט זיין...

דער באַס — פילאָזאָף — האָט אָפּגעזאָגט זיינס:
וביום—צום—כי—פור—יי—חא—תיי———מון —

פון אָנהויב — באַלד צום סוף.
אַראָפּגעניִדערט מיט׳ן קול צו דער טיף.
אַ גאַנצע אָקטאַווע אַרונטער.
אויף טרעפּ פון טענער אַראָפּ.
מיט׳ן נידערן פון די טענער — ווייזט ער דעם סוף.

מ׳עט חתמ׳ענען פון אויבן:

אַ־
רֹאַ־
אָ־
אָפּ...
ווער — פריער. —
ווער — שפעטער. —
מען מוז —
אַ־
רֹאַ־
אָ־
אָפּ...

רופט זיך אָפּ דאָס אַלטעלע מיט'ן ליכטיקן קול'כל
און ער טוט זיך אַ צעוויג:
ומי — — — — — — — — !
נאָכאַמאָל: ומי — — — — — ! ער וויל טרעפן:
באַ—כע—רעוו!

דער סאַפּראַנטשיק האַקט אים אָפּ מיט אַ קווימש פון חוזק:
בחרב! —
ער וויל נישט.
בחרב געפעלט אים נישט.

כאַפּט זיך אויף דער טענאָר מיט זיין קנאַקעדיקער שטימע
און צעפלאַקערט זיך:
ומי — — — — — — — ! —
באַ — איי — — — — ש!
מ'זעט אין קלאַנג אַז זיין מויל איז שטאַרק צעשפּרייט.

דער סאַפּראַנטשיק האַקט אים אָפּ מיט'ן זעלבן קווימש:
באש! —
באש — וויל ער אויך נישט.
וואָס ער וויל — זאָגט ער נישט.

זעט שוין דער טענאָר אַז ס'איז שלעכט —
צעגיסט ער זיך האַרציק:
באַ — מאַ — — — — — — — ים! —

דער סאָפּראַנטשיק: במים! —
גאָר במים!...

עס ווערט אַ קריג.
די זינגער צעשלאָגן זיך מיט אַלערליי קולות:
— בחרב! — במים! — באש! —
ברעב! —
אַ טייער מאכל...

דאָס סאָפּראַנטשיקל שפּרינגט
און שלאָגט זיי אַלעמען מיט אַ דינטשיק קאַנטשיקל:
באַחע! — באַאיי! — באַאיי! — באַחע! —
ער קרימט זיי איבער...

דער באַס — ער שלאָגט זיך ניט. —
ער שטייט אין אַ זייט און זאָגט זיך זיינס.
ווערשיינליך מיט אַ שמייכל.
פילאָזאָפיש:
וביום—צום—כי—פור—יי—חאָ—תיי———מון—

ווי איינער רעדט:
שלאָגט זיך, שלאָגט זיך, —
מ׳עט שוין אַלעמען באַזאָרגן — דאָרטן...

מ׳עט התמ׳ענען פון אויבן:

אָ-
ראָ-
אָ-
אָפּ...
ווער — פריער. —
ווער — שפּעטער. —
ווער „באש". —
ווער „במים". —
מען מוז —
אָ-
ראָ-
אָ-
אָפּ...

א ווײלע ווערט דאָרט שטיל.
בלויז דער רעקאָרד מאַכט:
זש-זש-זש-זש-זש: —
ריכט זיך מענטשן. — עס קומט — נאָך.
איך — רעקאָרד — ווײס.

דער חזן באַווײַזט זיך:
לאַפּאַ פּיפּאַ פּיפּאַ פּיפּאַ פּיפּאַ פּיפּאַ
— — — — — — — — — — — —

אָן ווערטער.
ער צעשיט בלויז טענער מיט די ליפּן.

ער אַלײן איז דער חזן
און ער קען זיך פאַרגינען צו פאַרלירן אָן אַ שיעור טענער—
גלאַט אַזוי. פאַר גאָרנישט...

מען קען נישט אַרײַנפאַלן באַלד מיט׳ן ריכטיקן זאָג.

וואָס איז ער, אַ יונגעלע?
אַ זינגערל?
— מען מוז זיך פריער אַביסעלע צעפּירן:
לאַפּאַ פּיפּאַ פּיפּאַ פּיפּאַ פּיפּאַ פּיפּאַ
— — — — — — — — — — — —

נישקאָשע,
אַ חזן אַלײן מעג אַביסעלע פּלאַפּלען —
ביז ער קומט צום ריכטיקן...

און אַט נעמט ער זיך שוין ערנסט
און טוט זיך אַ צעזינג מיט גאָר אַ צאַצקעדיקן נוסח:
ומי — — — — — — — — !

עס מיינט אַזוי:
קינדערלאַך!
וואָס איר האָט דאָ אָפּגעזאָגט — איז ביי מיר נאָך גאָרנישט.
איך בין דער חזן —
און ס'עט זיין ווי איך — זאָג:
ומי — — — — — — — !

— ער קלעטערט אַרויף מיט'ן קול
און קייקלט זיך אַראָפּ.

אָט גייט ער שפּאַצירן אויף אַ מיטעלען טאָן —
אַ פלאַכער וועג...

קערט ער זיך אום שטילערהייט
און דערציילט מיט פיל רמזים:
אויסגעוועזן אומעטום. —
אומעטום — נישט גוט...

די הויך איז נישט צו גרייכן.
די טיף איז נישט צו גרונטן.
אויפ'ן גלייכן וועג איז לאַנגווייליג.

פונדעסטוועגן לאָזט ער זיך ניט אָפּ

און ער טוט זיך אַ כאַפּ צום קווימש
העט, העט הינטער דער קעל. —
און פון דאָרטן — העכער נאָך. —
ומי — — — — — — — !

ער מיינט דערמיט מסתמא:
מענטש! — זוך! —
זוכנדיק — זינגט מען.

— דער חזן שפּילט זיך מיט'ן מענטשנ'ם מזל.
וואָס זאָל מען טאָן? —
ער איז דער חזן...
אַז ער — וויל — איז די וועלט אַ מחיה.
אַז ער — וויל — איז דאָס לעבן אויף צרות.

— אָנגעשראָקן דעם עולם —
לאָזט ער זיך צוריק אַראָפּ צו זיין געוויינליכן קול.
און דאַ פאַרענדיקט ער.
און דאַ פאַרונדיקט ער.
און דאַ פאַרקונדיקט ער.
אויף די גראָבע גוטע טענער.
גראָבע מחיה'דיקע טענער:
— בחיים. בחיים.
(דאָס בעסטע שטיקעלע נעמט ער פאַר זיך).

— דער חזן איז אַ גוטער.
ער האָט רחמנות.

אַז מענטשן ווילן לעבן — אַדרבא...
ער דערלייגט צו זיי ? — פאַרקערט...
— באַ—חאַי—אַי—אַי—אַי—

דער באַס — מיט׳ן זעלבן שמייכל :
וביום — צום — כי—פור — יי—חאָ—תיי———מון — :
בחיים —
אָבער נישט אויף אייביק.

נאָך אַ ביסעלע זיין.

אָבער נאָכ׳ן נאָך אַביסעלע —
אָ־
ראָ־
אָ־
אָפּ...

## דער אַלטער טאַטע וויינט

דער אַלטער — זיצט.
וויינט.
ער דרייט זיך אַוועק. —
קלוימערשט זאָל מען זען אַז ער מיינט נישט מען זאָל זען
און זאָגט מיט אַ וויינענדיק קול צו מאַן און ווייב:
נעמט עס!
ס'איז גוט פאַר אייך!

צווייטער טייל אין אַ מוזיק־סטאָר.

# דער זון

דער זון איז נאָך אַרויף.
עס הויבט זיך ערשט אָן ביי אים.

דער טאַטע — אַראָפּ.
דער זון — אַרויף.
איינער קומט אויפ'ן צווייטן.
אַלעמאָל אַזוי.
אומעטום אַזוי.

אין דעם צימער וואו דער זון שטייט —
זיינען רעקאָרדס פון היינט.
ניט צום טראַכטן.

אַלטע —טראַכטן,
יונגע — טוען.
דזשעז.

דזשאַ,
דזשעסי, —
דזשעזי...

# אַ בחור מיט אַ מיידל

דער בחור:

ער.
ער איז אָל רייט.
אַ בויג
אַ גיי
אַ וויג
אַ דריי.
אַי — עם, טיאַ, טי טיאַ, טי טיאַ.

די הוט אויף אַ זייט
און אַ קוק.
ניט קיין קוק —
אַ קוקעלע.
אַ וואונקעלע.
יו, נאָו.

ער פייפט.
קיינעם ניט אויסצופייפן —
פאַר זיך אַליין.

די רעכטע האַנט — אין קעשעניע.
די לינקע האַנט — אין לופט.
ער האָט די גאַנצע וועלט אין האַנט. —
ניט שווער.

מענטשן — זאָרגן:
טראָבל.

טראָבל? —
נאָט מי.
אַ דריי אַרוים — און אוים.
יו נאָו.
אַי — עם, טיאַ, טי טיאַ, טי טיאַ.

נאַרן ציען זיך אוים — און שטאַרבן.
ער — וועט ניט שטאַרבן.

אויב ער וועט זיך אויסציען —
וועט ער ניט קענען איינליגן.

אַז די זייטן טראָגן זיך.
אַז די אַקסלען הויבן זיך. —

אַ הויב — און ווידער וואַך.
ווידער וויג.

אויב ער וועט אַמאָל ניט ווערן —
וועט ער טאַנצנדיק ניט ווערן:

אפולע זאַל מיט טאַנצנדיקע פאָרלאַך.
ער — אויך.

גערויש אויף גערויש.

גערוישן אין געדריי.

גאַנג־געזאַנג.

טאַנץ־געטראַנק.

ער — וועט אַרויס דורך אַ הינטער־טיר.

נישט אַליין — מיט אַ מיידל.

מיט אַ מיידל איז היימלאַכער.

ער וועט קומען אַהין אַ טאַנצנדיקער.

וויגנדיק — פאַרוויגן זיך אַהין.

אַלע ווײַלע — וויטער. ווייכער. שטילער. הילער.
העלער. איילער. הוילער. —

אַ וואונק מיט דער האַנט צו אַלץ אַראָפּ.
גוד באַי!

פון טאַנץ־זאַל אַרויס —
אין טאַנץ־זאַל אַריין.

דאָרטן טאַנצט מען אויך!

ד אָ ס מ י י ד ל :

זי.

זי איז דין.

שלאַנק.

עלעגאַנט.

זי טראָגט זיך אויף די שפּיצן פון די שיכעלאַך.

ווען זי וויל — פליט זי, —

נאָר זי וויל זיך ניט באַמיען.

ליבע ? —

אָ, יאָ.

קענדי איז גוט — ליבע אויך.

אַלערליי קענדיס.

אַלערליי ליבעס.

אַלע זיינען זיס.

אַלע זיינען גוט.

עסן ? —

בלויז אַ ביס.

אַ ביסעלע אַ ביים.

אַ קליין ביסעלע.

אַ ביסעלע אַ בייסעלע מיט די פּאָדערשטע ציין.

ניט ציין — ציינדעלאַך.

אירע ליפּן זיינען רויט —

מיט רויט איז אָבער רויטער.

עס קען נאָך אַרונטער.

אַביסעלע פיינליך צעשמייכלט.
אַביסעלע זאָרג אויפן שטערן. —
שענער מיט אַ ביסעלע זאָרג.
איידעלער.

אינגאַנצן ביי איר — דער קאָפּ.
נישט דער קאָפּ — איבער'ן קאָפּ.
אין קאָפּ איז דוקא נישט אַזוי — אָבער די האָר:

מערמאָל — בלאָנד.
גאָלד בלאָנד.
זילבער בלאָנד.
בלוי בלאָנד.
בלי בלאָנד.
ווי — זי — וויל.

מען קען זיך ניט פאַרלאָזן אויף נאַטור.

נאָך היינטיקע צייטן דערצו.

איז —
מיט די דינע פינגערלאַך איבער די האָר.
די ליכטיקע, ציכטיקע האָר.
די געהויבענע.
די דערהויבענע.
זי רוישט זיי אויף און שטילט זיי איין.
זי וועקט זיי אויף און וויגט זיי צו.

זי וויל —
די גאַנצע וועלט זאָל זיין פון שפּיגלען.

ווענט — שפּיגלען.
זי קוקט — זי לאַכט אין די ווענט.

הימל — שפּיגל.
זי קוקט אַרויף — זי טאַנצט אין הימל.

ערד — שפּיגל.
זי קוקט אַראָפּ — זי שיינט אין דרערד.

אומעטום — ז י.
אין אַלע זייטן.
אין אַלע וווייטן.
אין אַלע אייביקייטן.

אַ שאָד וואָס זי שלאָפט.
אַלע טאָג פאַרגעסט זי זיך עטלאכע שעה.
זי ווייסט אפילו נישט צי דעמאָלט איז זי דאָ.

ווען זי קאָן זיך נאָך זען ווען זי שלאָפט. —
אוי!

## דער בחור מיט דער מיידל אין מוזיק־סטאָר

דער בחור —
צום בחור וואָס פאַרקויפט די רעקאָרדס:

איך וואָלט וועלן —
יו, נאָו...

— — — — — — — — — — — — — — — —

## דער זון — טאַנצט

ער ליגט אַרויף אַ דזשעזי־דזשעז
און וויגט זיך מיט די קלאַנגען.
ער דרייט זיך אַוועק. —
כלומערשט זאָל מען זען אז ער מיינט נישט מען זאָל זען
און זאָגט מיט אַ פרייד:
נעמט עס!
ס'איז גוט פאַר אייך!